

ADOLPH TAFLEWITZ

געבוירען אין קיעלץ, רוסיש־פוילען; געוועזענער טהעטיגער
רעוואָלוציאָנער, און פּאָליטישער פערשיקטער אין נאָרטה־
סיביר, — אין דער צייט פון „סטאָליפּין'ס" רעזשים. יעצט
אַן אַמעריקאַנער בירגער; און אַ מעמבער פון דער „פּענסי
לעדער אַרבייטער יוניאָן" פון ניו יאָרק.

# „די פערשלייערטע מוזע"

פון אדאלף טאפלעוויץ



פאעזיע
ערשטער באנד

NEW YORK, U. S. A.
1923

## „שרייב מיין פעדער“

שרייב מיין פעדער, נאָר צו דיר
רעדט זיך אויס מיין הערץ;
מיין לעבענס פריינד ביזטו מיר, —
טרייסט מיין זעלן שמערץ!

וואָס וואָלט איך דען אָהן דיר זיין,
אין א צייט פון לייד?
ווער וואָלט לויכטען מיר א שיין
אין א פרעמדע ווייט...

ווער נאָך וואָלט מיר זוי פערשטעהן,
ווען מיין מונד איז שטום;
ביי דעם זונען אונטערגעהן,
ווען עס וועהנט א בלום...

## „שרייב מיין פעדער“

פערלאָז מיך נישט, זיי מיט מיר!
שרייב מיין זעל־געזאַנג:
זינגען וועל איך דיר אָהן שיער, —
צאַרטע מוזאַ קלאַנג...

ווען איך וואַך ביינאַכט אליין,
וואַכסטו מיט אין האַנד;
טרוימסט מיט מיר פון זונען שיין
אין דעם ווייטען לאַנד...

ווען איך שענק נאָר דיר אַ בליק,
ליעבסטו מיך און שרייבסט;
טאַנצסט זיך ריטהמיש, ווי מוזיק:
וואָס איך דענק דו ווייסט...

„שרייב מיין פעדער"

דו שרעקסט זיך נישט ערד אין ים,
געהסט אין לענדער פאָרט.
ווי נאָר כ׳האָב אַ פריינד אין שטאָם,
זוכסטו איהם אויס דאָרט...

ווען אין טרויער כ׳פיהל זיך באַנג,
שרייבסטו מיר אַ ליעד;
אין דעם שעהנעם פריהלינגס קלאַנג
שאַפסטו ווי אַ שמיעד...

ביזט פון מיר צופריעדען, זאַט,
ווען דו האָסט נאָר טינט:
שרייבסטו מיר אין בוך אַ בלאַט,
ווי אַ צאַרטעס קינד...

## „דער ארבייטער פּאָעט“

עס טאַנצט דער שאָטען אויף דער וואַנד,
עס לעשט זיך שוין דאָס ליכט.
עס שפּינט אַ מיעדע אַרבייטס האַנד
אוים ליידען אַ געדיכט...

אין פענסטער שוואַרצט אַריין די נאַכט,
דער דיכטער ליגט אין בעט;
די מוזא זינגט איהר גאָטעס פּראַכט
אין קאָפּ פון דעם פּאָעט.

עס צאַנקט דאָס ליכט, עס געהט שוין אוים,
דאָך ער ווערט נישט מיעד;
פון ליידען, טרעהרען, בלום און רויז
ער בעשאַפט זיין ליעד.

די אויגען פאַלען איהם שוין צו,
ער וועבט נאָך אַלץ זיין טרוים.
די ליידען לאָזען איהם קיין רוה,
אין דרעמעל שרייבט ער קוים...

# אין איינזאַמעם בוימעל

עס שטעהט דאָס בוימעל מיעד, עס שמאַכט,
די זון זי טוהט עס בראָטען;
עס בעט צו גאָט, ס'זאָל קומען נאַכט,
עס לעכצט נאָך קיהלען שאָטען.

זוי איינזאַם וואַקסט עס, שפּראָצט און בליהט.
ווייט פון קוואַל אין וואַלד און רויז;
די היץ פון שטאָדט עס ברענט און בריהט,
ס'אָטהעמט גיפט פון גאַס און הויז...

עס געלבט פון שטויב אָהן רעגען טראָפּ:
עס דאַרט און וועלקט ווי אַלטע...
די בלעטלעך וויאַנען, פאַלען אָב,
ווי אין הערבסט נאַכט אַ קאַלטע. —

אין גלות איז עס דאָ פערשפּאַרט:
עס הערט קיין פויגעל טרילען;
עס וועהנט צו גאָט, עס וועלקט און גאַרט,
עס זאָל די היץ שוין שטילען...

## א פראגע: „וואו מיר פאהרען?“

די רעדער לויפען אלץ פאראוים,
צוזאמען מיט די יאהרען.
דער לעבענס וועג איז וויים און גרוים,
א פראגע: „וואו מיר פאהרען?„...

וואוהין דען איילען, שטרעבען מיר,
פון וואנען און ביז וואנען?
צו איז פערהאן א גרענעץ מיהר,
דארט ערגעץ, וואו מיר שפאנען...

נאך וואס דען דארף זוי אלעס זיין;
נאך וואס איז „דאס“ געווארען;
צו וועלען מיר וועז בלייבען שטעהן,
געפינענדיג די שפורען...

דער וועג זיך ציהט אהן ענדע וויים,
דער „קאמפאס“ טוהט נאר וויזען:
עס לויפט און שווינדט די לעבענס צייט, —
נאך וויים איז וועג צו רייזען!...

א פראגע: „וואו מיר פאָהרען?“

עס שטראָמען טייכען, ים'ען פיעל
אין וועג פון אַלע זייטען.
מיר ליידען, זוכען גאָט אין ציעל,
מיסטעריען אונז בעגלייטען...

צי עוויג דוירען וועט עס זוי,
ס'וועט קיין מאָהל זיך נישט בייטען?
צי וועט דער הימעל־וועג נאָר בלויה
אַלץ זיין אין אַלע צייטען...

צי וועט אונז אימער צייגען אָן,
ווי זוי אין וועג צו פאָהרען:
די הימעל־פייער־שטראַהלען זון,
וואָס קיין מאָהל געהט פערלאָרען...

די רעדער לויפען אַלץ פאָראויס,
צוזאַמען מיט די יאָהרען;
דער לעבענס וועג איז ווייט און גרויס, —
א פראגע: „וואו מיר פאָהרען?“...

## „דאָס געבעט פון א פייגעלע“

עס זיצט אין שטייגעלע
ס׳שפּיעלענדע פייגעלע,
און בענגט, און רופט, און
שפּיעלט;
ס׳גאַרען די אייגעלעך
דרויסען אויף צווייגעלעך,
פריי, וו׳א פויגעלע פליהט..

לאָזט מיינע פליהגעלעך
מאַכען די מיגעלעך...
וובען מיין גליק אין לופט;
— גייסטיגעס מענשעלע,
ערפיל מיין וואונשעלע!—
עלענד ס׳פויגעלע רופט...

ס׳פויגעלשע הערצעלע
גיסט אויס דאָס שמערצעלע,
ס׳וועהנט און בעהט זיך זוי
צאַרט:
— עפענט דאָס שטייגעלע!
לאָזט מיך צום צווייגעלע,
האַלט מיך ניט איינגע־
שפּאַרט!—

— טייערינקער שלמה׳לע,
לאָז מיך צום בוימעלע!—
ס׳פויגעלע בעהט צום קינד...
וואָס ליגט אין וויגעלע
בייסט זיך דאָס „פיגעלע“;
פון דרויסען ברומט דער
ווינד...

## „דאָס געבעט פון א פייגעלע“

ס׳פליהען אום פייגעלעך,
בויען זיך נעסטעלעך,
ס׳פויגעלע גריסט צו זיי:
— גליקליכע ברידערלעך!
ליבענקע שוועסטערלעך!
זייט געגריסט אויף דער
פריי!...

טרויריג דאָס שטימעלע
פערשווייגט אין דרימעלע;
אין גאָרטען רוישט דער בוים:
אין אייזערן שטייגעלע
שלאָפט איין דאָס פייגעלע:
ס׳חלום׳ט, אז ס׳פליהט אין
טרוים...

## „דאָס קוואַלכעל“

זיך רוהיג פליעסט פון באַרג דער קוואַל,
שוין יאָהרען, ווי עס שטורמעלט...
דאָס וואַלד זיך גרוסט אין וויעדער־שאַל,
דאָס ווינטעל פייפט און מורמעלט.

דאָס קוואַלכעל ציטערט אָב פון קעלט,
די פאַליעלעך זיך גאַרבען;
זיך איינס דאָס צווייטע יאָגט און „שנעלט“,
אין גלאַנץ פון זילבער פאַרבען...

פיעל דורשטען האָט עס שוין געשטילט,
און שמערץ פון פיעלע אויגען.
פיעל פויגלען האָבען דאָ געשפיעלט
און ווייט אַוועקגעפלויגען...

„ד אַ ס ו ו י ס ט ע אָ ר ט“

אַ גאָרטען האָט דאָ ווען געבליהט,
מיט שעהנע קירשען רויטע:
אַ „בית הקברות“ יעצט דאָ רוהט,
מיט גריבער פולע טויטע...

פיעל בערגלעך צלמים אין דער ערד
מיט שוואַרצע שלייערס שטעקען;
דאָרט אויף איין „קבר“ ליגט אַ שווערד,
מיט בלוטיג רויטע פלעקען...

דער זומער קומט שוין ווידער אָן,
דעם גאָרטען אויפצובליהען.
עס שטראַהלט שוין ווידער העל די זון,
פון לענדער פייגעל פליהען...

די בוימער נעסטען זוכען זיי:
נישטאָ קיין בוימער צווייגען...
זיי פליהען ס'וויסטע אָרט פערביי,
די בערגער קברים שווייגען...

## „פריהלינגס געזאנג"

פריהלינג, פריהלינג, ביזט שוין ווידער דא!
ציהרסט דיין הימעל שטראהלענד אוים אין בלאה...
בייזע ווינטען שטילען;
פייגעל טאנצען, שפיעלען:
איך גרוס דיך, פריהלינג, „ברוך הבא!"

ווידער ביזט צו גאסט אויף אונזער וועלט.
פיר דיין טריט ענטלויפט דער שנעה און קעלט!
מאכסט די פעלדער גריהנען:
ס'לעהבען וואכען, שפינען;
שעהנע בלומען ברענגסט פיר אונזער וועלט!

פריהלינג שעהנער, רעטע אונזער ערד!
פון האס, טרעהרען, ליידען, אונגליק, שווערד!
לויטער מאך די שטראהלען;
היילענד זים די קוואלען;
פריהלינג, שעהנער רעטע אונזער ערד!

„פריהלינגס געזאַנג"

פריעדענס רויזען מאַך שוין בליהען באַלד;
פריעדענס דופטען שענק דעם וויסטען וואַלד!...
פריהלינג, הייל די ליידען;
שענק דער וועלט נאָר פריידען;
העלף דעם מענש ערהויבען, ווען ער פאַלט...

פריהלינג, ליעבלינג, הער, צו דיר איך זינג! —
אין עוויגקייט ביזטו שעהן און יונג!
קיינע לעבענס צייטען
קענען דיך נישט בייטען!
אונשטערבליכקייט האַלט דיך עוויג יונג!...

פריעדענס רויזען מאַך שוין בליהען באַלד!
פריעדענס דופטען שענק דעם וויסטען וואַלד!
לויטער מאַך די שטראַהלען;
היילענד זים די קוואַלען;
העלף דעם מענש ערהויבען, ווען ער פאַלט!

## „עס וועהנט די בלום“

עס וועהנט די בלום...
איהר שפראך איז שטום;

זי צערט און ליידט,
איהר זון פערגעהט...

נישט טוידט מיך ’צינד,
דו בייזער ווינט!

איך בין זוי יונג,
זוי צאַרט, זוי יונג...

דער ווינט ער ברומט,
די בלום ער שימפט;

עס מוז געשעהן, —
דו מוזט פערגעהן!

— גאָט, — וועהנט די בלום,
—
מיין בעהט פערנעהם:

כ’בין דאך דיין קינד!...
שיץ מיך פון ווינט.

ס’העלפט קיין געבעהט,
דער ווינט ער וועהט...

ער שרייט און שעלט,
די זון פערשטעלט.

עלענד די בלום
וועהנט אין דער שטום...

נייגט זיך פערשמאַכט,
ס’קומט אָן די נאַכט!...

„ד אַ ס  ע ל ע נ ד ע  ק י נ ד"

עס שטורמען דער ים און די ווינטען...
אין הימעל איז פינסטער, — אַ שרעק!
שוין טוידט ליגט דער אַלטער געבונדען;
די שיף איז נאָך ווייט צו אַ ברעג...

עס בלוטען צוויי אויגען, ווי שטערען,
אין אונמאַכט זיין איינציגעס קינד:
זי קושט איהם צום לעצטען מיט טרעהרען;
שוין טהוט איהם פערשלינגען דער ווינט...

די שיף ווערט פון שטורעם געטריבען,
צום ברעג פונ'ם גאָלדענעם לאַנד..
עלענד די „יתומה" פערבליבען,
פערשווינדען איהר צערטליכע האַנד.

## „צווישען די זאנגען“

צווישען זאנגען שפּיעלט אַ גריל;
און דאָס ווינטעל פּייפט צו שטיל;
פון ערגעץ זיך טראָגט אַ קלאַנג;
נאָך מיין היימאַטה פיהל איך באַנג...

ווי באַנג נאָך דעם טייך „דניעסטער“;
נאָך ד׳עלטערן, ברידער, שוועסטער
און נאָך יעדעס בערגעל, טאָהל,
וואו איך בין געווען אַמאָהל...

די נאַכט פערהילט ס׳פעלד מיט טהוי...
...מיין מאַמע מוז שוין זיין גרוי...
פון איהר בענגען וועגען מיר,
פון איהר שמערץ, פון איהר טרויער.

שטערן פינקלען ווייט אים הימעל...
מיעד איך פיהל, — כ׳וועהן אין דרימעל...
ס׳רוישט געהיים אַ יונגער בוים;
דאָרט... איך זעהר מיין היים אין טרוים: —

„צווישען די זאַנגען“

צושטערט איז אַלעס — אַ שרעק!
אין רואינען ברענט דער ברעג...
דער הימעל איז פייער רויט;
ער הערשט נאָר נאַכט, גרויהל און טוידט.

כ'הער וועהנען דעם טייך דניעסטער...
אין איהם שווימען מיין שוועסטער,
וועמען די מאַלאָ־רוסען
האָבען געשענדט, געשאָסען...

וויסט איז אַלץ, אויף קויהל פערברענט!
ניין! ס'איז נישט מיין היים, — מיך בלענדט...
קאַלט פריהרט מיין בלוט און אבר, —
כ'זעה, דאָרט, פריש, ד'מאַמעס קבר...

גאָט! וואו בין איך פערלוירען;
כ'זעה נאָר פלאַם, אַש און מויערען...
דאָך!... כ'וועל נאָך מיין מאַמע זעהן, —
ס'איז דאָך נאָר איין טרוים געשעהן!...

„ל י ע ב ע ס  א ק אָ ר ד“

זיידען האָר, דער קאָפּ געבויגען ;
אָלדען־שטימע — אָנגענעהם.·.
צויבער, שעהנע, מילדע אויגען.
פיגור שלאַנק, — אַ יונגער בוים !...

קערפּער׳ס הויט איז, ווי מאַרמאָר־שטיין :
עדעל־וויים און עלאַסטיש :
שנעה ווייסע צייהן, — לבנה שיין...
מאַניערן געהיים, ראָמאַנטיש...

אויגען פערדעקט, — אַ גייסטענס קוואַל !
די ליפּען שוויינענד, צויבער ;
זעעלען־אויסדרוק, ווי ווידער־שאַל...
עס שטראַהלט, עס נייגט אַריבער.

די ברוסט דעקאָלט איז צאַרט און בלויז ;
דער אָטהם־צוג — פערפיומען־רויז ;
עס שלעפערט איין דער ליעבעס ברויז :
ווי אַ קינד אין מוטער׳ס שויס.·.

„די צייט שווינדט...“

דאָס לעבען פערשווינדט שנעל אַוועק;
די יוגענד, — איז נאָר אַ טרוים...
די עלטער קומט אָן, ס'נעהמט אַן עק:
בלעטעלעך שוין פאַלען פון בוים...

דאָס „לעהבענס זיין“ — נישט עוויג קען...
דער מענש מוז זשטאַרבען, פערגעהן,
פונקט ווי די רויזען ווערקען, ווען
זיי דעם ווינד אין הערבסט דערזעהן.

אַך! די יוגענד, איז פריהלינגס פראַכט;
ווען מען וואַקסט, לעהבט, האָפט און בליהט;
אָה! די עלטער... איז הערבסט און נאַכט:
די זון שוין נישט מעהר זוי בריהט!..

נו! לעהב, געניס! נישט זוים די צייט, —
ס'לעהבען איז קורץ, נישט אויף לאַנג.
דער זייגער לויפט, די זון פערגעהט!
נישט וואַרט צו פיהלען זיך באַנג!

## „די לבנה שיינט“

די לבנה שיינט
אין פינסטערן „היינט“.
עס דוכט זיך, זי וויינט,
אין ווייס בעשיינט...

בלאס, פערטראכט, זי שוועבט
מיט ליכט בעוועבט;
ארום גאטעס וועלט,
דעם מענש'ס געצעלט.

איהר בלאסעס געזיכט
שיינט פול מיט ציכט:
זי בעדויערט, אין טרויער,
דעם לעהבענס דויער...

מיט אונשולד ווייסע,
אויגען גרויסע...

שיינט די לבנה, —
גאט'ס מתנה!

בעשטראהלט זי די ערד
פון מענש און שווערד;
פון קעניג און שקלאף;
נאר, פילאזאף...

זוי בליקט זי און זעהט,
ווי ס'לעהבען געהט:
ווי איינעם עס וועהט,
דעם צווייטען פרעהט...

די לבנה ציהט:
א וואלקען הילט
אין שווארצען איהר ליכט.
— עס שטארבט מיין דיכט...

„אבענד“

שטילער, קיהלער, גרויהער אבענד! —
דו ביזט דער אָנפאַנג פון נאַכט;
דו ענטשטילסט זוי אַלעם שווייגענד, —
מיט דיין נאַטור צויבער קראַפט.

דיין פינסטערניש פערשטעלט וואונדען,
אין ליידען פון וועלטען־שמערץ.
אין דיין שאָטען גארען מונדען,
צו אומאַרמען ס'ליעבע הערץ...

שוואַרץ פערהילסטו שטעדט און וועלדער,
דו שענקסט דער וועלט וויליגער רוה:
מענשען מיעדע, טיערע, לענדער, —
מאַכסטו זיי די אויגען צו.

דו בעפרייהסט די מענשען, אימער,
אויף אַ קליינע צייט פון פּיין;
מאַכסט פערגעסען האַס און קימער,
שוועהר לעהבען, פערשקלאַפט צו זיין!..

## א „חופה“ אין א שטעטעל“

עס גראַמט שוין דער „בדחן“,
דאָס פיעדעלע שפיעלט;
עס טאַנצט דאָ דער שדכן,
די כלה פערהילט...

עס איז שוין ס׳בעדעקען,
עס לויכטען די ליכט,
מען טראָגט שוין די שטעקען, —
די חופה פעררייכט!...

דער בדחן די כלה
מיט גראַמען בעזינגט.
מאַכט וועהנען דאָ אלע,
זיין שטימע זוי קלינגט...

— כלה! בעהט גאָט אליין
מיט הייסע טרעהרען;
ר׳זאָל דיר אַ פּאָטער זיין, —
דיין תפלה הערען!...

## אַ „חופּה“ אין אַ שטעדטעל“

— ער זאָל נישט פּערגעסען
אַ „יתומה“־קינד; —
ס'בעגלייטען די באַסען.
די ליכטלעך מען צינדט..

— דער הימעל מיט שטערען,
זיי הערען זיך איין, —
גאָט זאָל דיר בעשערען,
דו זאָלסט גליקליך זיין! —

עס שפּיעלט די „קאַפּעלע“;
די כלה איז בלאַס...
דער „שמש“ ר' אליה
פיהרט אלע אין גאַס...

עס ציטערט דאָס שטעדטעל,
פון זעצען די פּאָלק:
איעדער אין בעטעל
וואכט אויף מיטען פּאָלק.

## א „חופה“ אין א שטעדטעל“

עס שאַלען טרומייטען!
עס פייפט צו אַ פלייט!
די באַסען בעגלייטען!
דער קאָרנעט, — ער שרייט!...

די קינדער זיי שפרינגען;
מען מאַכט אויף די שוהל...
דעם חזנ׳ס בעזינגען
מאַכט אַלעמען שטיל...

די פלעמעלעך טאַנצען
פון די ווייסע ליכט...
זיי הערליך בעגלאַנצען
די כלה מיט ציכט.

עס דופטען פערפיומען, —
מען שפיעלט שוין צוריק
דער כלה; מיט בלומען
בעוואונשט מען איהר גליק!

„ב י י  ד ע ם  ב ל ו מ ע ן  ט אָ פּ"

שטעהט זי ביי דעם בלומען טאָפּ:
איהר געזיכט — בלאַס און צאַרט...
ס'לויכטען צוויי שטערען אין קאָפּ;
אומזיסט זוי לאַנג זי וואַרט...

איהר בליק געווענדט צו דער טיהר.
שטיל, קיינער קלאַפּט נישט אָן...
— ער קומט שוין מעהר נישט צו איהר, —
זי צינדט אַ ליכטעל אָן...

און עס ציטערט ס'פלעמעל וויים,
זי שטעהט פערדענקט, געלעהנט,
צאַרט, ענטוישט, זי איז נישט בייז;
איהר' אויגען פייכט פערוועהנט...

## „פערוועלקטע רויזען"

פערוועלקטע רויזען, איהר ווילט נישט בליהען?
עס פעהלט אייך דופטען, עס פעהלט אייך טויהען;
קיין פערפיום גיבט איהר ארוים
פון נאַטור בלומען רויז.

פערלאָשען ווערען אייערע קאָליערען
פון עדעל־בלעטער — פורפור סאַפירען...
עס פערשווינדט דער שעהנער גלאַנץ:
איהר פערצערט, בלייבט נישט גאַנץ.

ערפריהשונג פעהלט אייך פון זונען שטראַהלען,
„גן־עדן" בשמים און רעגען פאַלען...
עס פעהלט אייך דער זונען פלאַם,
אויפצובליהען אייער שטאַם...

ווערט נישט ענטשלאָפען, ווען ס'פאַלט צו די נאַכט
אויף עוויג, שוין קיין מאָהל צו ווער'ן ערוואַכט, —
ביי'עם בליק פון מאָרגען שטערן
זאָלט איהר נייע בעשיינט ווערן...

*

„ד ע ר  ב ע כ ע ר ש י י ן“

גיעס שוין אָן מיין בעכער מיט שיין!
כ׳וויל פערגעסען לייד און פּיין;
שפּיעל מיר אויף אַ פרעהליכען טאַנץ;
קוש, געליעבטע; שיין מיט גלאַנץ,

ווי וועגום שטערן, שוין שפּעהט ביי נאַכט,
ווי דאָס גן־עדן כשוף פּראַכט...
צו זינג דיין עדעל פּרויען ברוסט,
ווי שפּיעל פויגעל, וועק מיין לוסט...

ארום מיין האַלדז מיט צאַרטען זייד
צינד מיין פייער ליעבעס פרייד!
בערויש מיין קאָפּ, מיין וויסען, זיין...
לאָך מיט דייענ אויגען שיין!

און ווען איך וועל פער׳שכור׳ט זיין,
נישט לאָז מיך, ליעבסטע, אליין, —
דרעמעל אַמיט מיט מיר פעראיינט
פון ד׳לבנה בלאַס בעשיינט...

## „דאָס לעצטע וויגעל“

די מוטער, פערטרויערט אין הארצען,
זיצט איבער'ן וויגעל אליין...
דער שפיגעל פערשלייערט אין שווארצען, —
געשטאָרבען ז'א קינד'ס געוויין...

דאָס וויגעל שטעהט איינזאַם און לעער:
— אַ יונגעל איז דאָס געווען;
עס יאָמערט די מוטער זוי שוועהר:
קיין מאָהל זי וועט ע' ססוין זעהן!...

געוועזען אַ פיצינקע גאַר,
אָבער שעהן, זוי ווי די וועלט! —
אין גאַנצען אַ דריי־פיערטעל יאָהר:
עס האָט זיך געהאָט פערקעלט.

איינאיינציג איז דאָס קינד געווען;
ענטריסען פון ברוסט אַוועק! —
דער פאָטער איז, ווען ס'איז געשעהן,
משוגע געוואָרען — אַ שרעק!

„דאַס לעערע וויעגעל"

פערשטיינערט זיצט יעצט די מוטער, —
געבליבען איינזאַם, אליין;
קיין טרייסט, קיין קינד און קיין פאַטער:
זי קלאָגט איהר אייגען געוויין...

## „ד ע ר  ק ל י נ ג“

אָה! דער קלינג, אָה, דער קלינג —
דערמאָהנט אונז אָן אַל דינג...
אינ'ם קלינג טוהט זיך שפּיהרען

די צייט, וואָס מיר פערליער'ן.
ער דערמאָהנט די יאָהרען:
וואָס פון אונז איז געוואָר'ן!

ס'הערץ פערציהט אַ ציטער, —
עס שמערצט דיר זוי ביטער...

דער קלינג אין אונז ענטפּלעקט,
וואָס ס'לעהבען האָט פערדעקט!

אַך! דער קלינג מאַכט אונז באַנג:
נאָהנט צום הערץ דאָס פון לאַנג...

## „ד ע ר   ק ל י נ ג“

דו פיהלסט זיך יונג און אַלט...
און דאָס וואַרמע ווערט קאַלט;

ער דערמאָהנט טאָג און נאַכט
פון דיין שעהן יוגענד־פּראַכט;

זעהסט זיך דאַן נאָך אַלס קינד, —
ווי דו זעהסט אוים יעצינד.

ער דערמאָהנט, אַז מען וועט
אויך אַ מאָהל פאָהרען העט!...

„די ליעבע צו מיין דאָרפסמיידעל“

אַך! ווי זיס, מילד, צאַרט און עדעל
איז ווי די נאַטור אַליין:
די ליעבע צו מיין דאָרפס מעדעל,
ריין, ווי זונען שטראַהלען שיין!

איהרע אויגען, ווי הימעל שטערן,
שיינען, ווי אין בלויהען רוים;
גלענצען, פינקלען גאָט׳ס בעגעהרען
פון גוטען „מלאָך“ אינ׳ם טרוים...

דאָס קול׳כעל ברויזט פון מויהל — אַ קוואַל,
ס׳פליעסט ארוים פון טיעפען הערץ.
איהר נאַטור איז ווי ריין־קריסטאַל;
טריי ז׳איהר ליעבע זעעלענשמערץ.

איהרע האָאר, — ווי פון זייד געוועבט;
איהר קערפּער שלאַנק — ווי אַ בוים!
איהר ווילענס בליק צום הימעל שוועבט,
ווי דער וועלטס מיסטעריען זוים...

„די ליעבע צו מיין דאָרפסמיידעל“

איהר שטימע קלינגט, ווי ווייעדערשאַל
צווישען בוימער, וואַלד און טאָהל;
איהר זינגען — ווי דער נאַכטיגאַל, —
אינ'עם זומער מאָנאַט יול...

ז'איז עהרליך, ווי אַ ריינער קוואַל.
בע'חנ'ט — ווי מילדע טויבען!
ז'איז אָפּענהערציג, טריי, אָהן גאַל!
ז'איז ווערט דעם הימעל'ס לויבען!

זי זוכט נאָר לעהבען, וואו ס'איז גייסט
און גערעכטיגקייט פערהאַן:
אויף איהרע ליפּען רוהט אַ טרייסט
פיר דעם עלענד אָרימאַן;

ז'איז בעזאַלבט פון געטין „אַמור“
מיט ליעבעס דופטען־צויבער:
איהר אונשולד' רייץ, ווי „דזשעס־פּורפּור“, —
ז'איז דעליקאַט און זויבער!...

## „אַ סוד"

אין לופט טראָגט זיך אַ טרויער געוועהן:
געשטאָרבען איז אַ מוטער...
וואָס אונפערמיידליך איז געשעהן,
די קינדער וועהנען ביטער.

פערגליווערט איז אַ הערץ און ברוסט,
וואָס האָט אַ „סוד" פערבאָרגען;
דער טוידט ער האָט זיך דאָך ערוואוסט
אין דעם גרויהען פריהמאָרגען...

ביי צוויי און צוואנציג יאָהר זי האָט
פון מענש און קינד בעהאַלטען
דעם „סוד"; געוואוסט האָט זי און גאָט
וועגען די „צוויי געשטאַלטען"... —

„אַ סוד"

וועלכע האָבען איהר הערץ בעטריבט:
איהר אידיש הערץ, דאָס פרומע,
וואָס זי האָט „איהם" פון „זיי" געליעבט
זעליש מיט דער נשמה...

...אַ שוואַרצע נאַכט האָט דאַן געברומט...
מיט אַ קריסטין ז'ער אָוועק!...
ביי צוויי און צוואַנציג יאָהר פערשטומט
האָט זי אין זיך דעם „שאַנד פלעק"!...

„די פרוי איז א גייסט —
אין לעהבען א טרייסט“

עס איז קיין אונטערשיעד פערהאַן
צווישען מענשען — פרוי און מאַן!...

זי און ער —ביידע — האָבען רעכט
צו זיין פרייהע, נישט קיין קנעכט!

אַ מאַן, וואָס נוצט זיין פרוי נור אויס
צו האַלטען זי אין זיין שויס,

און צו מילדען זי און גלעטען,
מיט ליעבע זיך אַנזעטען:

איז ער נישט בעסער פון אַ שוויין,
ווען ס'ציהט נאָר אין שמוץ אַריין!

ער איז נאָר פעהיג צו זיין דרייסט
געגען יענעמ'ס ווילען, גייסט; —

„די פּרוי איז אַ גייסט —
אין לעהבען אַ טרייסט"

אַ פרוי איז גלייך צום מאַן — אַ מענש
מיט לעבענ'ס לוסט, הערץ און וואונש!

זי איז אַ גייסט, — קיין שפּיעל געצייג
צום מאַנ'ס קאַפּריז און פערשוויייג!...

ווי לאַנג די פרוי וועט רעכטלאָז זיין,
אָהנע פרייהייטס זונען שיין, —

וועט דער מענש נישט קליגער ווערען,
צו פערניכטען מאָרד און טרעהר'ן...

לאָזט די פרויען נאָר פרייהע זיין,
דאַן ברינגען ז'איך גליק און שיין!

## „הערבסט קומט“

הערבסט קומט: דער גאָרטען געהט שוין אוים;
די צווייגלעך נאַקעט ווערען.
עס וועלקט די בלום, עס בלייכט די רויז,
די גרעזעלעך שוין צערען...

די בלעטעלעך זוי שוואַך און קוים
זיך האַלטען אויף די צווייגען;
דער ווינט רייסט זיי פון דעם בוים.
די פויגעלעך ענטשווייגען...

אויך קיהלער ווערט די זונען שיין;
דער הימעל — בלאַס און גרויהער;
עס שטאַרבט דער גלאַנץ פון לעהבענס זיין;
עס דרעמעלט שוין דער בויער...

„ה ע ר ב ס ט  ק ו מ ט“

פויגעלעך בויען נעסטען שוין,
צו שיצען זיך פון קעלטען:
פערשווינדען ווערט דער „צויבערשטוין“
פון שעהנע פלאנצען וועלטען...

פערשווינדען ווערט דער האריזאנט, —
די נעבלען איהם פעדציהען:
אין וואלקענס שווימט דער בלאסער מאנד:
קיין פרוכטען מעהר נישט בליהען...

פינסטערער ווערט די נאכט און לאנג;
דער ווינט ער ברומט „סכנה“...
עס טרויערען הערצער, פיהלען באנג:
עס געהט צו „ראש השנה“...

## „י ע ד ע ס  מ אָ ה ל“

יעדעס מאָהל, ווען נאָר איך געה
צו דער אַרבייט, פריה,
לאָמען שנעל טרעף איך אָן דאָרט
אַלץ די זעלבע „זי“...

יונג און צאַרט, פערשלאָפען נאָך
בליקט זי צו דער צייט;
צייגט אַן אוהר אַ ביסעל פריה,
שיינט זי פיעל מיט פרייד...

צייגט אַן אוהר אַ ביסעל שפּעהט,
הינקט זי זוי געשווינד;
נישט פערזוימען וויל זי זיך:
ס'אָרים יתום־קינד.

## „י ע ד ע ם מ אָ ה ל“

נישט קיין מוטער האָט זי דאָ,
אין דעם פרעמדען לאַנד;
צו קיין מענש און צו קיין שטיין
איז זי נישט פערוואַנדט...

ס'איז דער שאָפ איהר האָפענונג, —
איילט זי דאָרט אַהין!
וואו זי גיבט איהר יוגענד קראַפט
אַוועק דער מאַשין...

„אַ שטערן לאַכט...“

פון הימעל מיר ווינקט אַ שטערן פון ווייט,
אַז אויך דעם לעהבענס וועג ער בעגלייט...

עס ציטערט זיין שיין דורך נאַכט און רוים;
ער לעשט און צינדט זיך, ווי אין אַ טרוים...

ער טינקט זיך און באָדט זיך אין דער נאַכט;
טאַנצט מיט דער גאָטהייט, פינקעלט און לאַכט!...

מיסטעריש ער רופט... זיך לעשט און צינדט,
גלאַנצט אויף און פערגעהט, וו'אַ פונק אין ווינט...

— ווער ביזטו, אָה! שטערן! — פרעגט איהם מיין בליק;
— זוכסטו דען אויך דאָס ערדישע גליק? —

„אַ ש ט ע ר ן ל אַ כ ט..."

צו דען איז פיר דיר פרעמד דער בעגריעף,
ווייל ער איז פון דיר צו וויט און טיעף?

וויסטו דען נישט, וואָס איז שלעכט און גוט?
פערמאָגסטו קיין זעל', קיין גייסט, קיין בלוט, —

ערצעהל מיר, אָה! געטליכעס שטערן־ליכט!
ענטפּלעק דאָך דעם „סוד", וואָס מיין זעל' זוכט...

ער טונקט זיך און באָדט זיך אין דער נאַכט,
טאַנצט מיט דער גאָטהייט, פינקעלט און לאַכט...

## „קלאוויערען קלאנג"

לויפען איהרע פינגער איבער'ן קלאוויער:
די אויגען אין די נאָטען געשטרענגט;
עדעל בעוועגונג — איהר יעדער בעריהר,
נאָכ'עם גייסט פון בעטהאָווען — זי בענגט...

טונקעל בעלויכטען — דער צימער איז בלויה:
ס'וואנדערט א שטימע פון גייסטער וועלט...
צאַרטע בענעהמונג דערגרייכט צו דער פרויה, —
איהר ליליען פינגער ערצעהלט, ערצעהלט

גייסטער בלומען, זי שיט אין יעדען קלאנג
און פלעכט פון זיי — לאָרבער־וואנדער קראַנץ;
בעגלייט פון מלאָכים'ס שירים געזאנג...
פערשטאָרבענע יונגע קינדער'ס טאנץ...

גאַרדינען זיך וויעגען פון זאנפטען ווינד;
די קלאנגען פערשווייגען אין געזאנג:
בעטהאָווען פערנייגט זיך... ס'שוועבט אום א קינד —
אין ציטער פון קלאוויער'ס וויעדער־קלאנג...

## „איך האָב דיך פערלוירען...“

איך האָב דיך פערלוירען,
וואו זאָל איך דיך זוכען?
כ'האָב שוין בערייזט די וועלט...
געדענקסטו די טויהרען,
וואו כ'האָב דיר געשוואוירען, —
וואָס כ'האָב דיר דאָרט פערצעהלט...

איך זוך דיך שוין יאָהרען:
וואו קען איך דיך טרעפען? —
שיף און באַהן איז מיין היים...
מיין לעהבען — איז פאָהרען,
צ'ענטדעקען די שפורען;
דאָס איז מיין ציעל, מיין טרוים...

איך זוך דיך אין לענדער, —
צי וועל איך דיך זעהען?
שטום איז מיין סוד אַזוי...
אונאויפהער איך וואַנדער,
צו טרעפען איין אַנדער, —
מעג איך שוין זיין דאַן גרוי...

„פליהט אשטויבעלע"

פליהט אַ שטויבעלע גאַנץ אַליין:
גלאַנצט וו'אַ פונק אין זונען שיין;

זיך טראָגט און דרעהט, זיך הויבט און פאַלט —
ווערט פערשוואונדען אין לופט באַלד.

זעה איך באַלד אַ צווייטעם פליהען,
שוועבען, — שנעל ארויפציהען;

כ'פרעג: שטויבעלע, וואו איילסטו פאַרט?
קענסט מיר זאָגען יענעם אָרט!...

וואו וועסטו פערפאַלען געהען,
כ'זאָל דיך מעהר קיין מאָהל זעהען...

פליהט דאָס שטויבעלע שנעל אַוועק, —
נישט איך ווייס צו וואָס פיר צוועק!...

„ד אָ ם  א ו נ ב ע ש ע ה ר ט ע  ג ל י ק“

די וועלט איז איהר פרעמד שוי זפון יאָהרען:
אימער ליעבט זי איינזאַם צו זיין;
איהר גליק האָט זי לאַנג שוין פערלאָרען...
זי ליעבט נאָר דעם שאָטען אליין.

די נאַכט איז איהר טרייסט פון פערגעסען;
דער טרוים איז איהר הייליגער פריינד:
איהר הערץ איז פיר איהם נישט פערשלאָסען, —
זי ליעבט איהם, זי האָט איהם נישט פיינד...

געהיים איז איהר טרויער פערבאָרגען;
און טיעף, ווי דער ים, איז איהר בליק:
עס וויים נאָר דער גרויער פריהמאָרגען
איהר סוד פון אונבעשעהרטעם גליק...

## „דער עהרליכער ארבייטער פיהרער“

זיצט דער אַרבייטער פיהרער שטיל;
זיין צימער איז האַלב אין ליכט...
פערטיעפט איז ער פון דענקען פיעל —
אַ לייזונג צו שטימ׳ן ער זוכט:

דענקט ער זעהר פערטיעפט אין דער נאַכט,
און פאַרשט דעם לעהבען פון לייד:
וואָס שאַפט דעם רייכטהומס שעהנע פראַכט;
אליין — אָהן ברויט, אָהן אַ קלייד!

אך! ווי וואָלט ער קענען פיר זיי
בעשאַפ׳ן אַ בעסערע צייט;
ווי וואָלט ער דאַן עטהעמען פרייה, —
די בעפרייהונג ז׳אָבער ווייט!

פליהען געשטאַלטען איהם פערביי;
פערהונגערט, פערשמאַכט און בלאַס...
ער הערט אַ מוטער׳ס אויסגעשריי,
וואָס בעטעלט זוי שפעהט אין גאַס...

## „דער ערליכער ארבייטער פיהרער"

ער זעהט אַ יונגע מעדעל שטעהן,
וואָס זינקט אין טיעפען אָבגרונד:
פון אָרימקייט איז עס געשעהן,
געפאַלען איז זי צו שאַנד...

ער זעהט ביי זיך אַן אָפּיס פול
מיט ארבייטסלאָזע געפּאַקט:
צו לעהבען עהרליך יעדער וויל, —
זאָל זיין שוין פון האַלץ געהאַקט! —

איינער — אַריין; צווייטער — אַרויס;
די טיהר זי מאַכט זיך נישט צו:
סלעק און ליידען, די נויט איז גרויס,
קיין אַרבייט איז נאָך נישטאָ...

זיצט דער אַרבייטער פיהרער שפעהט
און בויעט אַ פּלאַן אין געדאַנק:
ווי זוי צו העלפען דעם וואָס פעהלט
אַ שטיקעלע ברויט שוין לאַנג...

## „קומט דער סלעק“

קומט דער סלעק אין ד׳אָרימער שטוב:
— מאַך אויף, אַרבייטער, די טיהר!
צו וואוינען ביי דיר האָב איך ליעב;
איך ברענג הונגער, קעלט פיר דיר!

דו ביזט שוין צו אַלעם געוואוינט, —
דו פיהלסט דאָך קיין מאָהל נישט זאַט!
בלייב שוין נישט שטעהן אַזוי ערשטוינט:
דיינע אויגען שטאַר און מאַט...

ס׳רעגענט אינדרויסען, ס׳ יאָגט אַ ווינד!
האָסט נישט קיין קלייד אויף דיין לייב?
האָסט נישט קיין מילך — עס וועהנט דיין קינד,
עס ליגט דיר קראַנק דאָרט דיין ווייב!...

מען וואַרפט דיך פון דער שטוב ארויס?
— איך וועל מיט דיר אַמיטגעהן!
נישט ציטער, ווי אַן אַלטער גרייז...
געוואוין זיך נאָר שלעכטס צו זעהן! —

## „קומט דער סלעק"

ס'גומע, וואָס האָסט געשאַפען פיעל,
יעצט לייכט און גלענצט אין סאַלאָן:
דו ביזט פיר צווייטע ס'לעהבענס ציעל;
אַ דיענער צום גאָט: „מאַמאָן"...

...שטיל פערשוויינ; דיינע ליפּען שטים! —
אַזוי וויל מען דו זאָלסט זיין...
פערבאָרג דיין צאָרן און בייזען גרים...
אַ פּאָר סענט, גנעה, זוך, צו לייה'ן!

און ווען דיין ברוסט, מוטה, שטורעמט אויף,
זיך צו וועהנט אין דיר דיין גייסט,
קוק צום בלויהען הימעל ארויף,
געפינסט מיך, סלעק, דאָרט, אַלס טרייסט!...

ווען דער בעכער איז פול מיט גיפט, —
זעלבסטמאָרד, דו! ווילסט שוין בעגעהן!
...הער זיך נאָר איין, ווי דיין קינד רופט: —
פּאַפּאַ, נישט לאָז מיך אַליין!...

„מ י י ן ש ו ו ע ס ט ע ר ל"

איבערגעלאָזען כ'האָב מיין שוועסטערל, אַ קליינעס קינד.
ווייט זיך געלאָזען בערייזען די גאַנצע וועלט;
שוין לאַנגע יאָהרען, ווי איך האָב פערלאָזען דאָס לאַנד
און גרויסע בענגשאַפט געפיהלט, מיין שוועסטערל מיר
פעהלט.

געקומען איז אַ גליקליכע צייט פיר אונזביידען, —
מ'האָט זיך אין אַמעריקא בעגעגענט נאָך לאַנג;
כ'האָב זי נישט דערקענט; מיר האָבען געוועהנט פון
פריידען;
אומאַרמט האָב איך אַ בוים — אָך ווי גרוים, שעהן
און שלאַנק!

געפלאָסען זענען גליקליכע טרערען אונאויפהער...
מיר האָבען זיך צוזאַמען געדריקט די ברוסטען;
פון צערטליכען קושען געאָטהעמט האָבען מיר שוועהר,
זוי ווי זאַנפטע ווינטען בעוועגען די קוסטען...

## „עס געפעהלט איהר נישט די נאַכט“

זיצט זי איינע אליין און טראַכט:
עס געפעלט איהר נישט די נאַכט...

זי וואָלט געוואָלט, אַז עס זאָל זיין
אימערצו נאָר זונען שיין!

זי וואָלט נישט וועלען שלאָפען געהן:
אימער וואַך מיט ד'אויגען זעהן...

און, אויב אַ שעהנער „חלום“, ליעב, —
זאָל געשעהן אויף וואָהר אין שטוב...

זי וואָלט נישט וועלען פיהלען מיעד,
צו פערשלאָפען יעדען גליעד...

עס זאָל אַ גרויסער „נס“ געשעהן, —
די זון זאָל נישט אונטערגעהן!...

אָבער די שוואַרץ געהיימע נאַכט
דורך דעם פענסטער קוקט און לאַכט:

— נאַרישער מענש! ווען כ'זאָל נישט זיין,
וואָלסט נישט ליעבען זונען שיין...

„קלינגט אין שטעדטעל"

קלינגט דער קירכען גלאָק אין שטעדטעל, —
„משה סטאָליאַר" היבלעט ס'ברעטל ;

רעדט אוים משה צו זיך אליין :
— שוין צייט אין שוהל דאַוונען געהן...

ווען נאָר משה הערט דאָס קלינגען,
פיהלט ער, ווי ר'איז געצווינגען...

עס דוכט זיך איהם, אַז ס'רופט די שוהל
„מנחה־מעריב" דאַוונען שטיל ;

טרעפט ער, משה, „אַנטעק" געהען
אין זיין קירכע יעזוס זעהן...

טראַכט זיך משה : — גוי איז אַ גוי...
און קויפט פון איהם ס'בינטעל שטרוי...

נעהמט עס משה אין שוהל אריין,
לאָזט עס אין דעם „פּאָליש" שטעהן ;

דאַווענט משה די מנחה לאַנג
ביז ס'פערשווייגט דער קירכען קלאַנג !...

„דער ווינטער קומט"

דער ווינטער קומט: ס'ווערט גרויה און טריב, —
קינדער שפּיעלען שוין אין שטוב...

טרויריג ווערט דאָס לעהבען אָרום;
דער פויגעל זיצט אין נעסטעל שטום...

די שטראַהלען ווערען בלאַסער מעהר,
דער רעגען וועהנט — טרעהר נאָך טרעהר...

עס בליהט נישט מעהר אין פעלד קיין זאַנג:
פייגעל זענען פאָרט שוין לאַנג... —

זיי זענען וויים אוועק נאָך „זיד":
געשטאָרבען דאָס זומער ליעד;

דער נאַכטיגאַל שוין מעהר נישט טרילט, —
די פעלדער־גריל מעהר נישט גרילט... —

„ד ע ר   ו ו י נ ט ע ר   ק ו מ ט"

דאָס טייכעל ציטערט שוין פון קעלט,
דער ווינט זיך בייז־ברומט און שעלט...

דער הימעל טראָגט נישט מעהר דאָס קלייד
פון זון־שטראַהלען־בלויהען זייד...

די וואָלקענס טריפען גרויה און נאַס, —
מאַכען ס'לעהבען קאַלט און בלאַס...

די בלומען זענען שוין פערביי:
געשטאָרבען פון ערשטען שנעה;

די בלעטער פאַלען פון דעם בוים,
צווייגען מורמלען שוואַך און קוים...

די פעלדער זענען פוסט און וויסט;
ס'פייפט דער ווינט, דער רעגען גיעסט...

## „ד ע ר  ו ו י נ ט ע ר  ק ו מ ט“

די בויערען דרעמלען שוין אין הויז,
אין חלום פון זומער רויז.

דאָס אַקער־אייזען יעצט איז פריה, —
ס׳שלאָפט אין שייער צווישען היי...

די וועגען זענען שלעכט און קרום;
פערדלעך לויפען פויל און שלים...

דער עכאָ טראָגט זיך טיעף אין וואלד,
איבער בארג און טאָהל ער שאַלט...

דער האָריזאָנט שוין טראָגט די נאַכט:
די פינסטערניש קומט פערדאַכט...

די וואָלקענס טריפען גרויה און נאַס, —
מאַכען ס׳לעהבען קאַלט און בלאַס...

## „דער בלינדער קינסטלער“

(געווידמעט צום וויאָלינִיסט כייטאָוויטש)

בלינד איז ער געבוירען;
דאָך ליעבט איהם די מוזיק...
ס'דיענען איהם די אויערען,
צו פיהלען האָס און גליק; —

ס'וועהנען פיעלע אויגען
פון בלינדען צויבער שמערץ:
זיינע טענער זויגען,
מיט וועה, טוהט יעדעס הערץ...

ציטערן זיינע סטרונען —
מלאָכים שוועבען אום;
צאַרטע קלאַנגען שפינען, —
די „מוזא“ טאַנצט פיר איהם...

הייליג איז זיין שפיעלען;
נאָר נישט צום גאָט פון געלד...
גייסטיג איז זיין ווילען:
ער קען נישט זעהן די וועלט!...

## „שטראַהלט די זון אויף אין מאַי“

שטראַהלט די זון אויף אין מאַי
דעם הימעל טיעף און בלויה:
ווערט נאַטור לויז און פריי, —
וו'אַן ערשטלינג מוטער פרוי...

צאַרט און גרין — ס'פריהלינג קינד —
די פּלאַנצען וועלט צובליהט:
זאַנפט רוישט און גלעט דער ווינד;
אין הערצען וועקט און ציהט...

פרייד געננום — ס'לעהבען ניי;
פון ערגעץ הילכט מוזיק:
ס'זינגט דער מענש ס'ליעד פון מאַי, —
דאָס ליעד פון פרייהען גליק!...

## „דער נישט אנערקענטער“

אין ליידען לעבט ער אימער:
דער הימעל איז זיין דאך! —
צי ווינטער צי אין זומער,
פון הונגער פאלט ער שוואך...

ער האסט און ליעבט דאס לעהבען,
וואס איז איהם נאהנט און ווייט;
די „מוזא“ טריי בעגעבען
זיין לעבענס וועג בעגלייט;

זי וואוינט מיט איהם אין גארטען, —
ביי טאג ווי אויך ביי נאכט;
ווען טרויריג איז איהם דארטען,
זי טאנצט פיר איהם און לאכט...

פערגעהן די לעצטע שטראהלען,
עס פלאמט דער האריזאנט;
אין פורפור וואלקען פאלען
זיך באד דער וועלט גיגאנט... —

„דער נישט אנערקענטער“

שפּאַציערט ער ביי דעם וואַסער,
אַן ברעג פון פעלזען שטיין;
פערטיעפט איז ער, אַ בלאַסער,
אין שפּיעגעל־ווידערשיין...

— עס צינדען זיך לאַנטערען
אין וואַסער שווימען אום...
עס ווינקען ווייטע שטערען;
שוין דרעמעלט איין אַ בלום...

פערליעבטע אין די גראָזען:
פער׳כשופ׳ט פון נאַטור;
זיי פּאָרען זיך אין בלויזען —
בעצאָרט פון גייסט: — „אַמור“...

אַ שוועהרער זיפץ ערציטערט
זיין איינזאַם־שוואַכע ברוסט:
— „זיין לעהבען איז פערביטערט“... —
זינגט יעמאַנד אוים אַ קוסט.

„ד ע ר נ י ש ט א נ ע ר ק ע נ ט ע ר“

עס רופט אין איהם דאָס לעהבען,
בעגלייט פון קירכען קלאַנג...
פון אַלע געטער לויבען;
נאָך פרעמדע לענדער באַנג...

ער זעהט זיך אין זיין יוגענד:
די מוטער ליעבט איהם צאַרט:
ער בליהט אין שעהנע טוגענד, —
ענטוישט איז ער — גענאַרט...

געהאַפט אויף שעהנע צייטען,
בעזעלט פון ליכט און רויז;
צוררייסען אַלע קייטען, —
דעם מענש צו מאַכען לויז!...

עס דופטען די פערפיומען
אין נעבעל קיהל און גרויה;
די פויגעל נעסטען שטימען;
עס גלענצט דאָס פלאַנצענטויה...

„ד ע ר נ י ש ט א נ ע ר ק ע נ ט ע ר“

דער וועכטער מערקט איהם זעלטען;
דער שאָטען הילט איהם צו;
זיין בליק אויף צווייטע וועלטען —
ערשלעפּט איהם איין אין רוה...

אין הימעל פאַלט אַ שטערען,
פערשווינדען ווערט אין רוים:
— „נישט אַנערקענט צו ווערען“ —
פון שלאָף ער מורמעלט קוים...

די בוימער, בלומען בעהטען,
ער זאָל נאָך לעהבען לאַנג;
בעזינגען די פּלאַנעטען
מיט שפּראַך פון האַרפען קלאַנג...

זוי וואַנדערט ער שוין יאָהרען,
פערטיעפט אין גאָרטען טרוים:
אין פרעמדע לענדער שפּורען
געלאָזען אויף אַ בוים...

„איין מאָהל אין וועג“

אויף דעם שאָסעע,
ניט ווייט פונ׳ם זעע,
בין איך געפאָהרען אמאָהל:
דער וועג איז געגאנגען
מיט בוימער און זאנגען;
פון בארג ארוב אין א טאָהל.

די נאכט האָט געשפינט
דעם דופט מיט דעם ווינד
און זי האָט מיך איינגעשלעפט;
און אַלץ איז געפאָהרען,
געצעהלט מיר די יאָהרען,
וויפיעל כ׳האָב איבערגעלעהבט...

## „א י י ן  מ אָ ה ל  א י ן  ו ו ע ג“

וויפּעל אין הערצען
ליידען און שמערצען
איך האבע שוין איינגעפּאסט ;
זוי פריה אין מיין יוגענד
פון גייסטיגע טוגענד :
ס'לעהבען געליעבט און געהאַסט...

ווי אַהן אַן ענדע
ס'פּערדעל, דאָס בלינדע,
געאיילט אין „חושך“ אַריין ;
ווי עס וואָלט נישט וועלען
זיך קיין מאָהל נישט שטעלען,
ווי ס'וואָלט געבלאָנדזשעט אליין...

„א י י ן מ אָ ה ל א י ן ו ו ע ג“

דאָס וואַלד האָט גערוישט,
מיסטעריש געפּלוישט;
ס'פּערדעל ט'זיך פּלוצלינג געשטעלט:
האַבע איך שנעל ערוואַכט
און דערבליקט אין דער נאַכט
מיט שרעק־געווויסען בעזעלט...

מיין פאָהרמאַן ער שלאָפט
געשמאַק מיט דעם דופט,
וואָס ציהט פון זאַנגען ארוים;
ער טוהט גאָר נישט שפּיהרען,
אַז מיר דאָ פערליערען:
אַז ס'פּערדעל פאַלט דאָ א „גוסס“...

„אײן מאָהל אײן וועג“

ער כראָפּעט געשמאַק
אויפ׳ן האָבערנעם זאַק,
פּייפּט און סאָפּעט מיט דער נאָז;
איך וועק איהם אויף געשווינד,
עס העלפּט מיר צו דער ווינד
מיט׳ן טרויריגען פּייפען־בלאָז...

איך שפּרינג צו צום פּערד,
וואָס ליעגט שוין אויף דר׳ערד:
כ׳קען אָבער גאָר נישט דערזעהן;
עס איז פינסטער די נאַכט;
מיר דוכט זיך, אַז עס לאַכט
דער טוידט מיט׳ן טייפעל — זיי געהן!...

## „איין מאהל איין וועג"

זוי איינזאם איך שטעה,
ס'איז פינסטער, נישט כ'זעה,
עס דראָהט מיט געפאהר און נויטה...
ווי וועלען מיר דאָ זעהן
צו וואו דאָרף צו דערגעהן:
עס ווינקט אונז אַ פייערל רויט...

עס הוזשעט און ברומט
דער וואסער־ווינד שווימט,
באָדט זיך און ווארפט זיך צום ברעג;
מיר דוכט זיך, אַז ער וועט,
מיט'ן טייפעל אין אַ וועטט,
פערגיעסען דעם גאנצען וועג...

„א י י ן מ אָ ה ל א י ן װ ע ג“

איך שוידער, ס'איז קאַלט ;
מיר דאַכט אַ געשטאַלט :
מלאָכים פליהען צו מיר ;
זיי פליעגלען בעזיצען,
אום מיך צו בעשיצען, —
צו ציהען אין וועג מיין פיהר...

מיין פאָהרמאַן ערוואַכט,
אין „חושך“ פון נאַכט...
דער הימעל פערהילט אין גרויה ;
דער עכאָ אינ'עם וואַלד
ער טראָגט זיך — און שאַאַלט —
דאָס פעלד איז בעדעקט מיט טויה...

## „איין מאָהל אין וועג"

דער פאָהרמאַן ער בליקט
צום פערדעל — געשיקט —
שוועבעלעך ער צינדט און צינדט...
זיי ווילען נישט ברענען,
פערלאָשען זיי זענען:
פון נאַכטליכען פייכטען ווינד.

ער רייסט דאָס געשפאַן;
ער בינדט אָב די קאַן, —
טאַפּט אין דער פינסטער און קריכט;
ער דערגעהט אָבער גלייך
און שעפּט וואַסער פון טייך —
ער קומט... דאָס פערדעל ער זוכט;

## „א י י ן  מ אָ ה ל  א י ן  ו ו ע ג“

איך בלייב דאָ אליין
ביים פערדעל זוי שטעהן:
ווי איך וואָלט דעם טוידט געהיט...
איך דערהער איהם שוין געהן,
דאָך, איך קען איהם נישט זעהן,
אין פינסטער כ׳צעהל זיינע טריט...

איך פרעג זיך: „ווער איז?“
מיר ענטפערט — א גיעם!...
דער פאָהרמאַן איז שטום — ער שוויינגט:
פון דעם אַלעם בעדיימ,
אַז דאָס פערדעל איז טוידט,
דער אַנגסט אין מיין קאָפּ מעהר שטייגט...

## „איין מאָהל אין וועג“

ביים פערדעל געלעהנט —
דער פאָהרמאַן ער וועהנט:
ער קען נישט ס׳פערדעל רעטען;
זיך די האָר אין קאָפּ רייסט:
— דו ביזט געווען מיין טרייסט!
ווער וועט מיין הונגער זעטען?... —

מיט מיר האָסט געלעהבט,
מיין צוקונפט געוועבט,
מיין הויז פיר גליקליך געמאַכט...
ווי וועל איך יעצט געהן
מיט דעם פיהרעל אליין
אין אומגליק־פינסטערער נאַכט!...

„איין מאָהל אין וועג“

עס הוזשעט דער ווינד,
ער פייפט און ער ברימט;
ברעכט פון בוימער די צווייגען;
מיר בלייבען זוי שטעהען,
ס'איז פינסטער צו געהען:
מ'הערען זיך צו און שווייגען...

דער פאָהרמאַן זיפצט שוועהר
אין פינסטער — איך הער;
איך קלעהר: כ'טוה זיך בעזינען: —
מיר מוזען דאָ בלייבען
ביז ס'וועט זיך אויפהייבען
שיין פון מאָרגען בעגינען...

## „איין מאהל אין וועג“

עס גיט זיך קיין ריהר
דאס פערד און די פיהר:
עס ליעגט שוין טוידט אין גאנצען;
מיר דאכט זיך, אז שדים
פון קעלערס און ביידעם,
ס'פערדעל כאפען און טאנצען...

זיי שלעפען ס'אוועק
צום וואסער, צום ברעג,
וועלען עס דארט דערטרינקען;
אין מיטען דערינען
מיין בליק האט געפינען
א שטערן אין הימעל ווינקען...

„א י י ן מ אַ ה ל א י ן װ ע ג“

ער שיינט און פערשווינדט,
פערלעשט זיך און צינדט,
זיך באָדט אין פינסטערן הימעל;
כ׳הער קלאַפּערען פון ווייט
דעם שאָסעע — מען רייט!
אין וועלדעל רופט אַ פלעמעל...

מיין הערץ אין מיר וואכט
פון דעם וואָס מיר דאַכט
כ׳הער מענשען צו הילף קומען;
עס פליעסען מיר טרערען
פון רעטונגס בעגעהרען:
צי וועלען ז׳אונז אויפנעהמען?...

## „א י י ן מ אָ ה ל א י ן ו ו ע ג“

איך קוק און ערבליק,
אהין און צוריק:
גאָר נישט טוהט זיך שוין ווייזען;
נישט שטערען אין הימעל,
פון וועלדעל — קיין פלעמעל:
מען מוז צום דאָרף דעררייזען...

ס׳רוישט ערגיץ אַ מיהל,
בעגלייט פון אַ ביל
פון הינט: — ס׳פערדעלי דערשפיהרען...
און עס שרעקט אונז דערפאַר,
אז ס׳זאָל נאָר קיין געפאַהר
חיות פון וואַלד דערפיהרען!...

„א י י ן מ אָ ה ל א י ן וו ע ג“

ס'מורמלען די זאַנגען,
זיך דרעהן, ווי שלאַנגען;
זיך נייגען פיר גאָט, צו דר'ערד:
געבעהטען זיי ליינען,
דאָס פערדעל בעוועהנען, —
בעהטען פערגעב'ן דעם פערד...

מיר פאַנגען אָן געהן;
מיר לאָזען דאָ שטעהן
דעם וואָגען, — מען זעהט שוין פעלד!...
—זוי האָבען מיר פערבראַכט
יענע שרעקליכע נאַכט
אין שרעק, אין ליידען און קעלט...

## „פליהט מיין בליק“

פליה איך מיט מיין נשמה הויך,
העכער פון וואלקענס און רויך:

מיליאָנען מייל פליהט מיין בליק:
כ׳הער זיך איין צום רוים׳ס מוזיק...

אלע שטערען טאנצען, פליהען
אין אונענדליכקייט ציהען...

נאָך די קלאַנגען, אין הארמאָניע,
פון מלאָכים׳ס סימפאָניע...

טיעף, אין געהיים, זיך שוועבט די צייט, —
אלע וועלטען זי בעגלייט...

און די זון מיט איהר שטראַהלען פראַכט
זיך יאָגט נאָך די שווארצע נאַכט! —

און איך זוך דעם „בורא“ אליין,
צווישען טויזענד זונען־שיין...

נאָר די ערד האלט מיך צוגעשמיעדט,
נישט פליהען ווייט ס׳זאָל מיין ליעד!...

## „ק י י ן   א מ ע ר י ק א“

אַדיע! לויפט דער שנעלצוג ביינאַכט
דורך דייטשע וועלדער צום ים:
קינדער שלאָפען, די מאַמע וואַכט;
אַדיע! פּויליש לאַנד און שטאָט!...

—„קיין אַמעריקא“... שלאָגט די ברוסט;
צו בויען אַ נייע היים! —
עס רופט, מיט פּראַכט, אַ פריייהע לוסט
צום שענסטען, העררליכסטען טרוים...

אַ צווייפעל נאָגט אין הערצען טיעף,
עס זאָל נאָר קיין שלעכטס געשעהן:
דער שרעק פון ים, דער שרעק פון שיף;
עס וויל זיך אַלעס שוין זעהן!...

דרעמעלט די מיעדע מאַמע איין
צווישען די קינדער ביינאַנד;
חלומ'ט זי: „אויף דער שיף זיי שטעהן —
שוין זעהען פון ווייטען לאַנד!“...

## „צ ו ו י י   ש ו ו ע ס ט ע ר"

געזעגענט האָבען זיך צוויי שוועסטער,
זיך געהאַלדזט, געקושט און געוועהנט;
זייער „צער" איז געוועזען דער גרעסטער
פון ליעבשאַפט, ווי קינדער, פערשעהמט...

פערלאָזען האָט איינע די צווייטע, —
שוין קיין מאָהל זיך ווידער צו זעהן!...
צוריסען די הערצער פון ביידע,
צושיידעט, עלענד, ווי אַ שטיין.

געמורמעלט האָבען זייערע ליפען:
— פערגעס נישט אָן מיר, שרייב אַ בריעף!
— ווען דו וועסט צום לאַנד זיך צו שיפען,
מיר שיק באַלד אַ בילד מיט דער שיף;

פערלאָפען זענען שוין פיעל יאָהרען.
מען הערט נישט קיין נאַכריכט פון דאָרט;
וואָס מיט דער אינגסטער איז געוואָרען,
פון קיינעם מען הערט נישט קיין וואָרט.

## „צ ו ו י י ש ו ו ע ס ט ע ר“

עס וויל איהר די שוועסטער שוין שיקען
אַ שיפסקאַרטע צו קומען צו איהר;
עס וויל איהר די שוועסטער בעגליקען,
נישט איינזאַם צו בלייבען שוין מעהר...

דאָך! שרעקליך! איין מאָהל אין פריהמאָרגען:
קלאַפּט עמיצער אָן אין דער טיהר...
וואָס פיר איהר איז געווען פערבאָרגען,
ענטפּלעקט האָט דעם „סוד“ דאָ פיר איהר...

ז'איז שרעקליך אין אונמאַכט געפאַלען:
— אַ נאַכריכט: „איהר שוועסטער איז טוידט!“
פינסטער זענען איהרע זון־שטראַהלען
געוואָרען, פערהילט אין בייזער נויט!...

גאָט!... טוידט! — זי וועט זי קיין מאָל נישט זעהן!
איהרע אויגען — ווי הימעל בלויה...
איהרע לאָקען־האָאָר, אַך, ווי שעהן!
עס לאָזט איהר נישט גלויבען אַזוי...

## „ע ס צ א נ ק ט א פ י י ע ר ' ל"

עס צאַנקט אַ פייער'ל אין דעם הויז, —
ס'לעמפּעלע ברענט אין שאָטען;
די מוטער האַלט איהר קינד אין שויס;
ביים פענסטער ברימט דער גאָרטען...

די מוטער פּרעסט איהר קינד צום ברוסט:
ס'איינציג, וואָס איז איהר געבליב'ן!
זי שפּייט מי טבלוט: זי וועהנט און הוסט...
זי צעהלט שוין דעם „מאָנאַט זיעב'ן"...

עס טריפט מיט בלוט איהר וואונד אין הערץ:
באַלד דאַרף זי אַ מוטער ווער'ן...
טיעף, אוי, טיעף! איז איהר זעלען שמערץ,
וואָס וועט קיין מאָהל נישט אויפהער'ן!...

ז'מורמעלט:—„קינד מיינס!... דו וועסט פערשטעהן,
דאָס האָבען געטוהן סאָלדאַט'ן"...
— מאַמא, — פרעגט דאָס קינד, מיט געוועהן, —
ז'האָבען ג'הרג'עט דעם טאַטען?...

„ע ס צ א נ ק ט א פ י י ע ר ' ל"

— יאָ, מיין קינד, ער לעהבט שוין נישט מעהר:
ז'האָבען איהם אויפגעהאנגען!
ווייל דאַן... ער האָט בעשיצט מיין עהר'
פון די בעסטיעס פערלאַנגען...

ס'פייער'ל צאָנקט זיך אין גאַנצען אויס;
די נאַכט שווימט דורך דעם פענסטער;
די מוטער דריקט איהר קינד אין שויס
און קושט עס אין דער פינסטער...

— ש־ש־שאַ־אַ־שלאָף מיין קינד:
ווען דו וועסט נאָר עלטער ווער'ן,
וועסטו וויסען, ווארום יעצינד
איך האָב פערגאָסען טרערען...

— פילייכט וועל איך נאָך לעהב'דיג זיין,
אויה!... גיכער זאָל איך שטאַרבען!
נאָר דו זאָלסט אונזער „קדיש" זיין, —
דעם טאַטענ'ס נאָמען אַרבען!...

## „די געטין פון פריעדען"

— מענשהייט! ווארום ווילסטו זיך מיט מיר שיידען,
צו ווייז איך דיר נישט די וועגען פון גליק?
קום מיט מיר, קום, כ'וועל דיך שיצען פון ליידען;
אָ, מענשהייט! אָ, שענק מיר דיין זעלענסבליק! —

כ'וועל דיך פיהרען צו די טויהרען פון גאָטהייט:
איבער די הימלען, און וואַסער, און לאַנד;
מענש! קום אין וועג! צו דעם טעמפעל פון פרייהייט,
דער וועג הייסט: „דער פריעדען",—גרייך מיר דיין האַנד!

פערטרוי' מיר ווייטער דיין שיקזאַל פון לעהבען:
כ'בעקראַנץ דיך מיט בלום' פון פריעדען און גייסט!
איך וועל מיט דיין רוהם אין די הימלען שוועבען;
דיך לויבען, בעזינגען מיט שטאָלץ און טרייסט!

„די געטין פון פריעדען"

איך וועל פון דיר זינגען געטליכע ליעדער,
ווי שעהן דו ביזט אין דיין גייסט — און ווי גיט !—
כ'וועל דיינע קינדער פערוואַנדלען אין ברידער,
פערפלאַנצען אויף „דורות" דיין פריעדענס זיט'...

דאָך !... איך שרעק מיך, אַז דו ועסט מיך פערליערען :
די רויטע צייט קומט אָן פון מאָרד און בלוט ;
מענשהייט ! נישט לאָז זיך פון פאַלשקייט פערפיהרען, —
שטעל זיך אויף דער וואַך מיט דיין גייסט און מוטה ! —

ליעבע און גליק ווערט אין פריעדען געבוירען :
קעהר זיך נישט אָב פון דעם ריכטיגען וועג !
די פאַלשקייט וויל מאַכען דיין „גייסטרייך" פערלויר'ן,
פערוויסטען די וועלט אין בלוטיגע טעג !...

„די וועלט מלחמה“

(פּאָעמא)

...וועהן, אייראָפּא, די שעהנעס לאַנד! —
נעסט פון הויכע אידעאַלען;
וועה איז צו דיר, דו זינקסט אין שאַנד:
דיין גייסט און רוהם איז געפאַלען!

וועהן, אייראָפּא, די צויבערלאַנד! —
נעסט פון גייסטער און פּאָעטען;
ווי שרעקליך איז דיין פייער בראַנד:
ווער קען דיך יעצט וועלען רעטען!...

וועהן, אייראָפּא, די געטין לאַנד! —
נעסט פון זשעניעס, מוזא טרוימער:
אין בלוט בעפלעקט איז יעצט דיין האַנד,
שרעקליכער, אַלס ביי די רוימער!...

„די וועלט מלחמה“

איבער דיר יעצט הערשט מאָרד און טוידט:
דיינע קינדער מוזען פאַלען:
ווער פון שווערד, און ווער אָהנע ברויט,
ווער אין שטורם פון די „ים“ כוואַלען!

כ׳בעוועהן איך, שעהנע בלומען, ערד,
און ים, לופט און בלויהען הימעל,
וואָס איבער אייך יעצט הערשט די שווערד
מיט טייפעל׳שען מאָרד געטוהמעל...

ס׳פליעסען הייסע קוואַלען טרערען
אוים מיינע בענגליכע אויגען:
וואָלט איך קענען אַ פויגעל ווער׳ן,
צו רעטען וואָלט איך געפלויפען!...

„די וועלט מלחמה“

מיט וועה געשריי און שמערץ געוואַלד
טרינקען זיך איירָאפּא׳ס קינדער
אין בלוט פון שלאַכט פעלד; וויסט איז ס׳וואלד...
ס׳פלאַמט !— „מעפיסטא“ טאַנצט יעצינדער!

ער לאַכט און טאַנצט מיט טייפעל־שפּאַט:
ענדליך ר׳האַט געוואונען דעם זיעג
געגען מענשען פון גייסט און גאָט,
וואָס טרינקט זיך יעצט אין בלוט און קריעג!

עס ברענט מלחמה ביז צום גרונד:
בערגער, סקאַלען זיך צושפּאַלטען!
פון פייער שפּייענד קאַנאָנען מונד,
וואו דער טייפעל ליעגט בעהאַלטען...

„די וועלט מלחמה“

טייכען רוישען מיט פלוט און וואוטה!
ס'וואַסער איז פאַרביג: זידיג רויט;
דאָס קאָכט פון יונגע לעהבענס בלוט, —
יונגע קינדער'ס פריהצייט'גער טוידט!...

אַלע ברעגען פון די טייכען
אין בייזען צאָרן — זיי גיעסען אוים;
זיך פערוואָרפען פול מיט לייכען,
מיט בלוט בעפלעקען בלום און רויז;

ס'ברענען, פלאַמען וויטע וועלדער:
די ערד זי ציטערט אַן פון שרעק!
רויט עס פאַרבען זיך די פעלדער,
עס פליעסט דאָס בלוט צום וואַסער ברעג... —

## „די וועלט מלחמה“

ס'שטורמען, קראַכען די קאַנאָנען, —
אייראָפּא זינקט אין פייער־רויך;
אין לופט שטרייטען אייראָפּלאַנען:
ס'פייער טראָגט זיך צום הימעל הויך!...

ס'קעמפּפען אַרמעען, באַטאַליאָנען,
עס ברענט דער פייער מאָרד אין נאַכט;
פון נאַציאָנען אויף נאַציאָנען:
ווי וואַסער גיעסט זיך בלוט אין שלאַכט;

עס קראַכען די מאָרד מאַשינען,
זיי שיטען פייער אונאויפהער! —
פערוואַנדלען ס'לעהבען אין רואינען:
ווייטע לענדער ביז צום מעער...

## „די וועלט מלחמה“

ס׳שטאַכען שפּיעזען, דראַטען ריצען:
עס פליהען קעפּ, ווי היי אין פעלד!
ס׳שטראַהלען שאַססען, שווערדען בליצען, —
מיט בלוט פערגאָסען איז דער העלד!...

ווילד זיך מאָרדען די נאַציאָנען:
איינער דעם צווייטען שעכט און בייסט;
עס טריאומפירען די טהראָנען:
דער מענש פערלוירען האָט זיין גייסט!...

ס׳קלינגען מעסערס און שטילעטען,
שרעקליך טראָגט זיך דאָס שמערץ געוואַלט;
ס׳ראַנגלען זיך די בייאָנעטען:
איינער זיעגט, ווי דער צווייטער פאַלט!...

„די וועלט מלחמה“

מענשען מאָרדען זיך איינאַנדער,
וואָס האָבען קיין מאָהל זיך געזעהן:
פרעמד געלעהבט און אייגען לענדער,
קיין פיינד זיך קיין מאָהל נישט געווען!...

עס הערשט דער גרויהל פון ווילדען צאַר׳ן, —
ס׳פלאַקערט די פערצווייפעלטע שלאַכט!
מיליאָנען לעהבענס געהן פערלאָר׳ן,
שרעקזאַם לויערט די שווארצע נאַכט, —

ס׳טרייסלען זיך די בערגער שפיצען:
אייראָפא שיינט צום אונטערגעהן!...
גיפט און גאַזען זיך צושפריצען, —
דער וועלטס פראָצעס ווערט באַלד געשעהן!...

„די וועלט מלחמה"

ס'קלינגען, בלוטען די קינזשאַלען —
פיעל בערגער טוידטע פאַלען אָן!
ס'שטראַהלען עלעקטריע סיגנאַלען...
אין שיין פון ליכט פלאַטערט אַ פאָהן: —

— פעהנער פון די מאָרד טיראַנען
פערבלענדען היינט די גאַנצע וועלט:
ס'רינט דאָס בלוט פיר די „מאַמאָנען";
דער „גאָלדען־טייפעל" לאַכט און קוועלט! —

ער לאַכט מיט ווילדען שפּאָס און שפּאָט;
ער לאַכט פון טרעהרען און פון נויטה;
ער לאַכט פו מענש, פון גייסט, פון גאָט:
זיין בעגעהר איז בלוט! זיין אטה'ם — טוידט!...

„די וועלט מלחמה“

מיט שלאַנגען גיפט ער לאַכט און לאַכט:
ער שפייט מיט פייער אין דער נאַכט!
ער איז דער קעניג פון דער שלאַכט, —
ער שטירצט די אויגען, ווילד ער לאַכט:

— האַ־האַ־האַ! — וואָס קען מיך אַרען,
אַז מענשען טרינקען זיך אין בלוט;
דערפון טוה איך דאָך גאָלד פיעל שפאַר'ן;
דאָס מאַכט מיך פרעהליך, האַ! ווי גוט! —

וואָס קען מיך אַרען בלוט און מאָרד, —
זאָל ברענען אַלעס אין דעם פלאַם!
פון אָסט און וועסט, פון זיד און נאָרד, —
קיין אונטערשיעד פון ראַס' און שטאַם!...

## „די וועלט מלחמה“

אלעס זאָל אין פייער ברענען;
אין טייכען בלוט דערטרונקען ווער'ן:
וואָס קען מיך דען גרויהל בענעהמען,
„קברים“ טוידטע, מוטער שרעהרען! —

צוריסענע מענשען לייכען,
מיט אָבגעהאַקטע קעפּ און פים!
אַהאַהאַ! פון דעם מיר רייכען
און מאַכען אונזער לעהבען זים!...

מיר פאַבריצירען מאָרד געצייג
צו פערוויסטען דאָס לעהבען אייך;
פערגיעסט שוין בלוט און מאַכט אַ שווייג:
דאַמיט מאַכט איהר אונז „גליקליך“, „רייך“!...

## „די וועלט מלחמה“

וואס טויג לעהבען אָר׳מע שקלאפען,
זיי זענען דאָך צופיעל פערהאַן!
ס׳וועט נאָך בלייבען ווער ס׳זאָל שאפען,
טראָגען, דולדען און קנעכט געשפּאַן!...

זיי וואַכען דאָך די לעצטע צייט!
זיי האָבען דאָך שוין פיעל פערשטאַנד!
זיי קענען דאָך דערגעהן ווייט
און פערכאַפּען דאָס גאַנצע לאַנד! —

מיר מוזען זיי די קעפּ פערדרעהן,
און פערבלענדען זיי די אויגען:
זאָלען זיי אין „מלחמה“ געהן, —
ס׳בלוט און גייסט וועט זי זיי זויגען!...

„די וועלט מלחמה“

די ערד האָט דאָך נאָך צופיעל אָרט,
איינצושלינגען שקלאַפען, דומע!
ווי הייליג ביזט, קריעג און מאָרד, —
אונזער גלויבען, די „מלחמה“...

מיר עסען, טרינקען, האָבען פיעל
רייכטוהם, גאָלד און הערשענדע מאַכט!
נאָר „מלחמה“ איז אונזער ציעל, —
טאָ, זאָל זיך גיעסען בלוט אין שלאַכט! — —

אוּן עס פאַלגען מענשען, בלינדע,
זיך אויסצושלאַכטען, ווילד צורייצט!
— אייראָפּא! דו זינקסט אין שאַנדע!
דו ביזט אין גיפט, אין בלוט פערפלייצט!

## „די וועלט מלחמה“

דער מאָרד, ער מאַניעט מיט זיין גלאַנץ:
גרויסע פעלקער זיך צוהיצען!
ווילד זיי שפּרינגען אין טייפעל טאַנץ,
משוגע אַלע... צייהנער קריצען!

עס זידט און קאָכט; עס ברענט אין ברוסט;
עס דריקען זיך די פויסטען־הענד;
עס גרימט און וועקט צו מאָרדען לוסט;
דער פאַלשער שטאָלץ ער בלענד און בלענד: —

ס'בלאַנקען, קלינגען שפּאָרען, וואַפען:
דער וואַהנזין ציהט דעם מענש אין שטרייט!
ס'ברענען, שטיקען גאַזען, שטאָפּען,
עס שפּאַרט דאָס פייער לענדער וויט!

„די וועלט מלחמה“

ס'ברענט דער האַס פון די „נקמה“:
די ערד מיט בלוט ווערט אָנגעזאַפּט:
פירכטערליך איז די „מלחמה“, —
דעם מענש זיין בלוט זי זויפט און צאַפּט!...

ווילדע „קולות“ פון שמערץ און צווייפעל
הילכען וויט אין דער ווילדער וויסט:
ס'האַמערט אין פלאַקער דער טייפעל,
לאַוועס פייער ער גיעסט און שיסט!

ס'דוכט, עס שפּאַלט זיך דורך דער הימעל:
דער רויך ער שפּאַרט אין שוואַרצען רוים!
ס'דונערט אַ „גיהנם“ טומעל
אַרום אַ שאַרפען דראַטען־צוים!...

„די וועלט מלחמה“

מענשען פאַלען, ווי די פליעגען ;
קוילען פליהען מיליאָנענווייז !
בערגער טוידטע העכער שטיעגען :
— עס זאַמעלט זיך פאַר חיות שפייז...

טיעפע גראָבענס ווערען טייכען,
עס פליעסט דאָס בלוט פון מענש און פערד ;
אויסגעמישטע וואַפען, לייכען
בעדעקען וויים ארום די ערד !...

מענשען לויפען, מאָרדען, פאַלען ;
דער פולווער רויך ער שפאַרט און הילט...
עס קראַכען די ביקסען־קנאַלען ;
איינער פאַלט און דער צווייטער ציעלט ! —

„די וועלט מלחמה“

באַראַבאַנען שלאָגען, זעצען,
טרומייטען שאַלען אין געאייל!
עס שפּריצט דאָס בלוט, מעסער פּעצען;
עס פלאַמט און שטיקט אַ פייער זייל...

ס'צאַפּלען זיך אין וועה־געשרייהען;
עס „ראכעלט“ זיך דאָס בלוט פון מויהל...
ס'פאַלען טוידטע גאַנצע רייהען;
עס שניידט די גיפטיג — „דום־דום“ קויהל!

עס פערטויבען הילפס געבעהטען
פון די פערוואונדעטע אין שלאַכט;
בראַווע סאַניטאַרען רעטען
אַפיר פון טייפעל'ס שווערד, וואָס שאַכט!

## „די וועלט מלחמה“

עס דונער'ן די „באטארעען“,
זיי שפייען, האָגלען, פייער בליי ;
קברים ווערען די „טראנשעען“
און טייכען בלוט נאָך יעדער רייה !...

קאָמאנדירען ראשיג ליארמען ! —
ווי פיה זיי יאָגען דעם סאָלדאט :
הייסען איהם אין פייער שטורמען
דעם פיינד פון נאָהנט מיט האנד גראנאט ! —

און עס „ראיען“, ווי די ווערים,
גאנצע בערגער פערד און מתים ;
אויפגעשטאָכענע געדערים
זיך איינשרומפפען ביי די גופ'ים !... —

„די וועלט מלחמה“

און די טוידטע צווייטע בייטען,
פיעל נייע אָפּפער מרעטען אויף:
קאַוואַליערען יאַגען, רייטען
אויף די בערגער לייכען ארויף!

מענשען ראַנגלען זיך פערביטערט,
נאָר יעדער זוכט דעם צווייטענס טוידט!
אַלעס רייסט, צושיסט און שפּליטערט, —
עס לויערט געפאַהר און בייזער נויטה...

וואַהנזין טאַנצט אין אַלע מוחות:
ער זעצט די אויגען יעדען אוים!
פאַר דעם טייפעל אַלע כוחות
ציהט ער פון די מענשען ארוים! —

## „די וועלט מלחמה"

ער פערשווארצט זיי די „נשמה",
און מאכט זיי קאכען, זידען ס'בלוט:
רופט און נארט זיי אין „מלחמה",
אין דעם „גיהנם" פייער פלוט!

ער פער'שכור'ט יעדען ווילען
אין פרייהען מענש; זיין גייסט ער צווינגט,
צו פערוואנדלען זיך און פיהלען
לוסט צו מארדען און טיער אינסטינקט!

ער פערטעמפפט זיי דעם געוויסען,
פערהארט דאס ווייכע הערץ, ווי שטיין!
פיהלאז מאכט זיי בלוט פערגיעסען;
געדולדזאם צו די גרעסטע פיין!...

## „די וועלט מלחמה“

„גרויסע גייסטער“ זיך פערליערען
אין דעם געפעהרליכען מאָמענט:
לאָזען זיך אין שלאַכט פערפיהרען, —
די פאַלשקייט האָט זיי אויך פערבלענדט!...

פּריסטער פון די רעליגיאָנען —
זיי בענשען אויך דעם מאָרד און שאַנד!
העלפען מיט די הערשער טהראָנען
צו פערוויסטען ס׳לעהבען און לאַנד!

ווי זיי בעהטען, צערעמאָניר׳ען,
אין שלאַכט עס זאָל זיי העלפען גאָט;
בלוט פערגיעסען, שלאַכטען פיהרען,
מאַכען דעם פיינד צו שאַנד און שפּאָט!

„די וועלט מלחמה“

און זיי העלפען אויך צושפיעלען
אינ׳עם מענשען דעם ווילדען רייץ:
מאַכען איהם אָן בייזען ווילען
בעגלייטען איהם מיט יעזוס־קרייץ!...

וואו איז ליעבע, גאָטהייט, גלויבען!
וואו איז דער הייליג׳ טעסטאַמענט?!
וואו איז יעזוס פריעדענס טויבען...
— אין פלאַמען פייער, — אַלעס ברענט!...

וואו איז עהרע און רחמנות;
הערט איהר וועהנען דעם יתומ׳ס שטים;
צעהלט די טרעהרען פון אלמנות, —
ערבליקט די טייכען בלוט אַרום!

„די וועלט מלחמה“

שטעדט און דערפער ווימט פערוואַנדעלט;
די היילינטוהמס אויף אַש פערברענט!
צאַרטע אונשולד ווילד מיסהאַנדעלט,
פערשמוצט, צוטרעטען און געשענדעט!

צוטרעטען איז דער וויינגאַרטען;
אייראָפּא'ס שטאָלץ — קולטורען פּראַכט...
ס'טאַנצט אין איהם דער טייפעל „שטן“
אין פלאַמען פייער פון דער שלאַכט!

מענש! דו הערסט נישט רופען, בעהטען,
וועהנען פון דער נאַהנט און וויט;
דו זאָלסט צוהילף קומען, רעטען
דיין קינד, וואָס בלוטעט פון דעם שטרייט!

„די וועלט מלחמה“

הערען דען נישט דיינע אויהרען
די שטימע רופען — וועה און ווינד !...
האָט דיך דען אַ שטיין געבוירען,
צי ביזטו גייסטיג קראַנק און בלינד ?...

נאָך וואָס האָסט דיין שווערד געשליפען, —
אליין דיין לעהבען זיך צושטעהרט ;
נאָך וואָס האָסט געבויעט שיפען
און זיי אין וואסער גרונד געשפערט...

האָסט פערניכט דיין שעהנע לעהרע
פון גייסט און טוגענד און פרייהייט !
צוטרעטען דיין בלום פון עהרע,
וואָס האָסט פערפלאַנצט פיר דער מענשהייט !

„די וועלט מלחמה“

טרויער שפּיעלט אין שלאַכט דיין האַרפע;
טענער פלעכט זי דיר פון שמערצען...
רויט בעפלעקט דיין שווערד די שאַרפע:
עס טריעפט מיט בלוט אין דיין הערצען!

יעדער ציטער פון די סטרונעס
צוויאַמערט זיך מיט שרעק־געוואלד,
פון די בלוטיגע קרבנות,
וואָס ברויזט אין לופט פון וויסטען וואלד:

ס'שפּינען זיך אין ווינט די קלאַנגען:
ס'קלאַגט דאָס לעהבען איינזאַם, אָרים...
ס'מורמלען, בעהטען בוימער, זאַנגען
אויף די ווייטע ברידער „קברים“...

„די וועלט מלחמה"

מענש, וואך אויף! און צעהל די וואונדען!
אָה! מוטער! שטרעק דיין אָרעם אוים!
העלף דיין קינד די וואונד פערבינדען, —
פערשליעם איהם אין דיין מוטערס שוים!...

שוועהר: — דאָס זאָל שוין מעהר נישט טרעפען!—
ביי דעם הימעל, שטערען און זון:
דיין שעהן מענשען זעלע עפען;
און הויך ענטהיל די פריעדענס פאָהן!

## „שפעהט אויפ'ן שלאכטפעלד“

דעם לעצטען שטראהל,
זיין לעצטע טרייסט...
ערבליקט אינ'ם קוואהל
האט ער דערגרייסט! —
און געטרונקען זיין בלוט אינ'ם וואסער;
פערוואונדעט און אונמאכט א בלאסער...

ס'פייפען פון ווינד,
ווי פון א פלייט,
האט איהם וו'א קינד
צערטליך בעגלייט...
געקלינגען האבען זיינע אויהרען:
פעראיינזאמט, קיין רעטונג, — פערלוירען!...

שוועבען אין רוים,
אין שיין פון שטראהל,
געזעהן זיין היים
האט ער אין קוואהל...
פערשלאסען אויף עוויג די אויגען:
די פינסטערע נאכט האט פערצויהגען...

„ד ר י י  ז י ה ן"

האָט אַ מוטער געהאַט דריי זיהן:
איינער אינגער פון צווייטען;
האָט ס'שלאַכטפעלד געצויהגען אהין
אַלע אויף פערד צו רייטען!

געפלויהגען צום שלאַכט, ווי צום טאַנץ:
ס'לאַנד פון דעם פיינד בעשיצען!
יעצט ליגט דאָרט פון בלומען אַ קראַנץ
אין טאָהל פון בערגער שפיצען...

אין שלאַכט געפאַלען דריי ביינאַנד:
העלדיש געקעמפט, געשטריטען;
געפאַכט מיט די שווערדען אין האַנד, —
טוידט געפאַלען — צושינטען!

...יעצט ליגט די מוטער משוגע, גרויה...
די הענד און פיס געבונדען:
זי זוכט נאָר פייער, זי זוכט נאָר שטרויה,
אַלעם אונטערצוצינדען!...

„די סטאַטוע“

טיעף פערטראַכט, אין די לבנה שיין,
שטעהט דער גרויהער סילועט פון שטיין;

שטאַר זיין בליק ז׳געווענדעט צו דער ווייט,
ווי געזוכט ער וואָלט די אַלטע צייט!..

שטים פערדענקט, פערגליווערט איז זיין מונד,
ווי ער וואָלט געפּאָרשט אין ים דעם גרונד...

ווי ער וואָלט בעגריפען גאָט אין אַלל, —
ווי געצעהלט אין רוים די שטערען צאָהל...

ווי פערצעהלט ער וואָלט פון זיך אַליין:
ווען די צייט געשאַפען האָט זיין שטיין...

ווי די קונסט פערקערפערט האָט זיין בילד:
ענטנומען פון בערגער שטאַמען ווילד...

פעראורטהיילט אַ סטאַטוע צו זיין;
אַ „גלגול“ אין אַ פאָרעם פון שטיין...

אין געזאַנג אַ מאָהל פון נאַכטיגאַל —
פערליערט די זון דאָ איהר לעצטען שטראָהל...

## „שטעהט אן אלטער שלאָס...“

(פאַנטאַסטישע וויזיאָן)

ווייט אין וועג שטעהט „אַן אַלטער שלאָס“...
אין בערגער טיעף פערזונקען:
טוהרעם שפּיצען פון גאָלדען גלאָז...
די פענסטער גלענצען, ווינקען...

געהיימע וועגען רינגלען אום;
און הויכע בוימער שיצען:
אַן אַלטער גרייז שפּאַציערט אַרום
און... זיינע צייהנער קריצען; —

ער וואַכט אַרום דעם הויפּט איינגאַנג:
די טויהרען זענען פערשפּאַרט...
אַן אויסגעקריצטע אייזענשלאַנג,
מיט שרעקליכע אויגען, גאַרט!...

„שטעהט אן אלטער שלאָס...“

די אומגעגענד איז שטיל פערטיעפט;
אַ טייכעל, אַ קליינס, זיך פליסט;
דער אַלטער גרייז מיט'ן שאַטען שטיפט,
מיט'ן שטעקען ער דראָהט און... הוסט;

ווענען ער היט זאָגט ער נישט אויס:
פיליכט איז אַ קעניג דאָרט?
פערבאָרגען איז דער אַלטער גרייז,
קיין מאָהל פערליערט ער קיין וואָרט!...

קומט אַ מאָהל אַ בעטלער צו געהן
און וויל דאָרט שלאָפען ביינאַכט;
פיהרט איהם דער אַלטער גרייז אריין
אין געהיימען שלאָס און... לאַכט: —

## „שטעהט אן אלטער שלאס..."

גלעזערנע ווענט, וואָס לויכטען גריהן...
און „ספינקסען" אין וואַסער שטעהן...
נאַקעטע פרויהען פערשלייערט ציה'ן...
בוימער, וואָס וואַקסען און געהן...

קומט אין מיטען דער נאַכט, שוין שפּעהט:
הערט מען געהיימע מוזיק...
דאַן מוז דער וואַנד'רער געהן צו בעט;
אַלעס זיך לעשט אוים צוריק...

טוידטע שטילקייט בעהערשט אַרום;
בליצען ערשיינען, פערגעהן;
מען הערט אַ ווילדען לייבען ברום!...
רויטע „סילועטען" שטעהן...

„שטעהט אן אלטער שלאָס...“

די ווענט בעהאנגען זענען פיעל
מיט אַלטע שווערדען און העק...
עס בליקט דער וואַנד׳רער אין דער שטיל
אין גרויסע אַנגסטען און שרעק!...

ער הויבט זיך אויף; ער זוכט דעם גרייז:
פּלוצלינג צואוויעגט זיך זיין בעט...
אַט, שטעהט דער גרייז געקליידט אין ווייס;
אין אַ פרעמדע שפּראַך ער רעדט:

געהיים צייכענס, — ער רעדט צום „ספינקס“,
דער „ספינקס“ ער גיט זיך אַ נייג:
עס מאַכט זיך אויף אַ טיהר צו לינקס,
וואו ס׳פיהרט צו א לייבענשטייג...

## „שטעהט אן אלטער שלאָס...“

דער לייב ער בליקט מיט צאָרן אריין
צום וואַנד׳רער, וואָס ליגט אין בעט...
דער גרייז גיעסט אָן אַ בעכער וויין,
דעם וואַנד׳רער דערלאַנגט און... גלעט

אין קאָפּ; ער רוימט איהם איין אַ „סוד“
צו שלאָפען ביז אין דער פריה;
זיך אומצוזעהן איז אַ פערבאָט...
— דער וואנד׳רער מאַכט ד׳אויגען צי...

עס מאַכט זיך צו די טיהר צום לייב;
דער גרייז פערשווינדט אין דער נאַכט;
ס׳ציטערט דעם וואַנד׳רער׳ס הערץ און לייב,
ער שלאָפט איין... דער גרייז — ער לאַכט...

## „שטעהט אן אלטער שלאָס...“

ס'שווינדען די שטונדען אנגסטען לאַנג;
אין שוואַרץ איז „דער שלאָס“ פערהילט...
פון צייט צו צייט הערט מען אַ קלאַנג
פון צויבער זייגער, וואָס שפּיעלט...

טיעפע וועלדער מורמלען זיך שטיל:
פערצעהלען דעם „סוד“ פון „שלאָס“...
ס'הערען זיך איין די שטערען פיעל...
עס באָדט זיך אין טויה דאָס גראָז...

פּאַרטאָגס... עס גרויהט דער האָריזאָנט:
דער וואַנד'רער טוהט זיך שוין אָן!...
פערלאָזט דעם „שלאָס“... מען זעהט שוין לאַנד!...
אין „מזרח“ געהט אויף די זון...

„מיט׳ן עטאפ...״

ס׳לויערט א וויסט אין סיביריען ווייט:
א שווארצע די נאכט שטורעמט און שרייהט...
אלטע בוימער־ריעזען זיך נייגען:
די טריט טוהן זיך הערען,
בעלויכטען פון לאנטערן...
דער „עטאפ״ זיך ציהט אין שטילשווייגען...

ס׳בליצען אין פינסטער בלאנקע שווערדען;
עס גרוילט געפאהר פון הענקער מארדען —
איבער רוסלאנד׳ס נאבעלסטע קינדער!
עס קלינגען די קייטען
מיט פרייהייט בעגלייטען...
סאלדאטען זיי טרייבען געשווינדער!

## „מיט׳ן עטאַפּ...“

דאָס וואַלד איז הויך, קיין הימעל מען זעהט;
פינסטער דער וועג: מען געהט און מען געהט...
עס רייטען פאָראויס די סאָלדאַטען;
סטוי! מען הייסט, פּלוצלינג, שטעהן!
עס בעוויזט זיך אַ שיין...
ברויט מען טיילט דעם הונגער צו זעטען...

שוין שפּעט ביינאַכט: אַ הייזעל אין וואַלד
שלעפערט דאָ איין אַלעמען, — ס׳איז קאַלט;
צובראָכענע פענסטער, פערלאָזען...
זיי שלאָפען אויף דער ערד:
אַ וועכטער, מיט אַ שווערד,
הערט זיך איין, ווי די ווינדען בלאָזען...

## „דאָך געקומען איז די צייט"

גלעקלעך קלינגען אין די וועלדער,
אין דעם ווייטען, ווייטען נאָרד!
שליטענס אויף פערשנעהטע פעלדער
איילען פון סיביריען פאָרט!

יונגע הערצער קלאַפּען מונטער:
ס'פאָהרט זיך אין אַ פרייהען לאַנד!
דער טיראַנט איז שוין אַרונטער;
רוסלאַנד, פרייה דו ביזט, אָהן שאַנד!

יונגע שטימען פרעהליך זינגען:
רוסלאַנד, רוסלאַנד! ביזט בעפרייהט!
שליטענס טאַנצען, גלעקלעך קלינגען, —
דאָך געקומען איז די צייט!

## „אין נאָרד סיביר...“

תאַט דאָ געלעהבט אַ מענש אין לייד:
געפרויהרען געוואָרן פון קעלט;
ער ליגט שוין טוידט; פערשיט, פערשנייהט —
נישט קיינער וויס אויף דער וועלט!...

איינזאַם איז ער געוועזען זוי! —
געליטען הונגער און נויט;
איבער די ביכער געוואָרע'ן גרויה:
געלעבט מיט וואסער און ברויט...

אַן עדעל הערץ האָט ער פערמאָגט:
שטיל און בעשיידען געוועזען;
קיין מאָהל האָט ער זיך נישט בעקלאָגט, —
געליטען אין שטיל אליין...

יעצט רוהט אַ „קבר“ טיעף אין שנעה:
קיינער ז'געבליבען נאָך איהם —
צו טרווירען, בעננען, פיהלען וועה,
צו צינדען אַ ליכט פון ריהם...

„ס׳זומער פויגעלע“

פליהט א ווייס זומער פויגעלע — שטעלט זיך מיר אויף
דער האנד ;
סאמעט צארט ; שנעה־ווייס — עס האט קיין היים קיין
לאנד...

פליהט און טאנצט ס׳זומער פויגעלע אין לופט ווי נאר
עס וויל :
נישט מען הערט ; שעהן־ליעב — עס זוכט אין לופט
א ציעל...

דרעהט זיך אום די עלעקטריע שיין ציהט דורכען פענ־
סטער אוים
ס׳פליהט זיך פרייה, פליהט שנעל — עס זוכט די נא־
טור׳ס שוים...

מען קען עס זעהען זומער־צייט — א גייסט פון יענער
וועלט...
קומט דער הערבסט : טריב־גרויה, פערשווינדט עס
פאר די קעלט...

„די בלינדע מוטער“

נישט דערלעבט, מיין ליעבעס קינד!
איך אליין בין אויך שוין בלינד:

איינזאם רוהט דיין „קבר“ ווייט;
הערסט נישט, רוסלאנד איז בעפרייהט!...

האסט דיין לעהבען איינגעשטעלט;
יונג געשטארבען פאר דער וועלט...

הערסט נישט, קינד! וואס איז געשעהן, —
קענסט דאס פרייהע לאנד נישט זעהן...

איינזאם אין דעם קאלטען נארד
בלייבסטו עוויג רוהען דארט;

דאך, מיין קינד, דו ביזט דער העלד!
ס׳זינגט פון דיר די גאנצע וועלט...

מעג דיין „קבר“ רוהען ווייט,
אינ׳עם ווייטען נארד פערשנעהט. —

דאך דאס גאנצע פאלק דיך ווייסט:
וואס פיר איהם דו האסט געלייסט!

## „די בלינדע מוטער"

דיכטער זינגען: „אַז דו לעהבסט
גייסטיג, שאַפסטו, וועקסט און שטרעבסט! —

יעדעס הערץ מיט זיך דיך טראָגט:
טאַנצסט זיך דאָרטען, ווען עס שלאָגט!...

ווי נאָר רויזען, בלומען רויט —
לעהבסטו דאָרטען — ביזט נישט טוידט!...

ווי אַ צויבער שוועבסטו אום:
יונג־אונשטערבליך איז דיין שטים...

און זי טראָגט זיך לענדער ווייט, —
זונען שטראַהלען זי בעגלייט;

וועקסט די מענשען, פעלקער אויף:
מאַכסט דאָרט טאָגען מיט דיין רוף!

שטורעמסט אויף די וועלט פון פיין, —
פיהרסט דעם מענש צו גליק און שיין!

„די בלינדע מוטער“

גישט פערגעסען קען דיך היינט
יעדער פרייהייטס מענשען פריינד;

נישט נאָר היינט, נאָר קיין מאָהל ניט:
ביזט דער פונק, וואָס עוויג גליהט...

ביזט דער פונק פון זעלען־גייסט:
— בלינד בין איך; — דאָך שטאָלץ מיין טרייסט!

„דער פאל פון שליסעל-
בורגער פעסטונג“

— „שליסעלבורג!“ — עס שלאגט שוין דיין שטונדע!...
מארטירם אין די הייהלען, וואכט אויף!
צורייסט די קייטען, ברעכט די שלעסער:
דאס פאלק קומט אן, די זון געהט אויף!

הערט, ווי עס קלינגען טהורעם גלעקער,
דער הימעל פלאמט אין מארגען שיין!...
קאנאנען קראכען, די ערד ציטערט! —
העלדען ברעכען די פעסטונג איין!

הערט דאס זינגען די „מארסעליעזע“:
ליעבע טענער פון פרייהען גייסט!
צו אייערע ליידען נעהמט אן ענדע:
ברעכט די שלעסער! די קייטען רייסט!

„דער פאַל פון שליסעל־
בורגער פעסטונג“

וואַכט אויף פון שלאָף, איהר אַלטע בראַווע! —
די לעצטע נאַכט פון אייערע פּיין!
די טויהרען ווערען שוין פרייה ג׳עפּענט:
די זון געהט אויף מיט פרייהייטס שיין!

ס׳פאָלק האָט פרייהייט מיט בלוט ערוואָרבען;
דעם הענקער טהראָן אויף אַש פערברענט!
דאָס אַלטע רוסלאַנד איז געשטאָרבען:
דאָס פאָלק שטרעקט אויס צו אייך די הענד!

אונטעראירדישע קאַזאַמאַטען!
מיט בלוט פערשפּריצטע נאַסע ווענט!
אויף עוויג וועט איהר דאָך פערבלייבען
ביי דעם פאָלק אַלס אַ מאָנומענט!

## „זיך דערקענט...“

האָט זיך אַ יונגערמאַן בעגעגענט מיט אַ מעדעל:
זי איז געוועזען שטאָלץ, שעהן און עדעל...

און ער — אַ קלוגער מאַן: פער'חלומ'ט און פאַעטיש;
אויגען — טונקעל־ברוין; אָבשטאַם — סעמיטיש...

פלעגען זיך טרעפען אָפט אין גאָרטען, ליעב צוזאַמען;
ציהען פלעגט עס זיי, נישט צו פערזוימען...

זיצען לאַנג פלעגען זיי, פערגעסען זיך אייגאַנדער...
איין מאָהל האָט זי דאָך געפרעגט דעם „וואַנדער“:

— ביזטו אַ יוד צי קריסט? צו וועמען טוהסט בעלאַנגען?
זאָג מיר דעם „סוד“ אויס, ליעבסט קירכען קלאַנגען...

„ז י ך  ד ע ר ק ע נ ט ..."

האָט ער זיך זעהר פערשעהמט ; נישט געוואוסט וואָס
צו זאָגען :
דאָך, שטאָלץ, אין דער ברוסט האָט אויפגעשלאָגען :

— איך בין אַ וואַנדער קינד ! און דו מעגסט זיין אַ
קריסטין !
דאָך, שטאַרק, האָב איך דיך, מיין זעל׳, אַמליעבסטען...

איך קען אָהן דיר נישט זיין! — נישט זאָל שוין אונז דער
גלויבען
שיידען פאַרנאַנדער, וו׳אַ יעגער — טויבען...

און זיי האָבען זיך שטאַרק אומאַרמט — זיך פערלוירען...
געהאַלדזט, ווי קינדער, טריי׳ זיך געשוואוירען ! —

ענטפּלעקט האָט זי פיר איהם, אַז זי שטאַמט אויך פון
אידען ;
געוועהנט האָבען זיי פון פרייד אונערמיעדען...

„ר י י ס ט  נ י ש ט  א ו י ס  מ י י נ ע  ב ל ו מ ע ן"

(א געבעהט)

רייסט נישט אויס מיינע בלומען, ווען איהר בעוואונ־
דערט זיי...
שטערט זיי נישט צו טרינקען שטראהלען, בליהען
פראנק און פריי;

רייסט נישט אויס מיינע בלומען, ווען זיי בערוישען
אייך...
שטערט זיי נישט צו שפראָצען דופטען, וועבען רויזען־
ווייך;

רייסט נישט אויס מיינע בלומען — מיט זייער פערפיור־
מען ווייז...
שטערט זיי נישט צו צערטלען ווארעם פון דער זונען
שיין;

רייסט נישט אויס מיינע בלומען, ווען זיי ערפריהשען
אייך...
שטערט זיי נישט צו זיין מיט פלאנצען, וואקסען שעהן
און הויך!

רייסט נישט אויס מיינע בלומען, ווען איהר פרעהליכ־
קייט פיהלט...
שטערט זיי נישט צו ציערען, גלענצען, ווען די „מוזא"
שפיעלט...

„ע ס צ י ט ע ר ט ז י י ן ש ט א ם“

טיעף זיינע וואָרצלען אין דער ערד פערצווייגט —
דער אַלטער בוימען ריעז זיך נייגט!
עס האַקט אַ שאַרף אונטער זיין שטאַם:
שוין יאָהרען — ווי לאַנג! אין דעם וואַלד ער היימט;
פון הונדערט יאָהרען וואַקסט און טרוימט;
ער וואַכט פון שלאָף, ער פאַלט צום פלאַם...

שוין פיעלע בוימער אין דעם וואַלד אוועק,
יעצט ניעדערט צו דר'ערד ער אין שרעק:
ער ליגט שוין טוידט — אין מאָרגען טויה...
זוי פלוצלינג פערביי! מיט אַ גרויס געשרייה!...
ער האָט נאָך געוואָלט וואַקסען פריי:
זיין שאָטען ליגט; דער הימעל — בלויה...

## „דער מארסיאנער...“

(א פאנטאזיע)

האָט אַ מאַרסיאַנער איין מאָהל ביינאַכט
גענומען בעטראַכטען די וועלט;
עס האָט זיך איהם עפּעס אויסגעדאַכט,
האָט ער'ן „טעלעסקאָפּ“ אַנגעשטעלט.

ער האָט שוין זעהר לאַנג עפּעס בעמערקט,
אָבער ר'האָט נישט פערשטאַנען די זאַך:
געזעהן, וו'אַ העַנקער אַ מענשען ווערגט...
איז ער די נאַכט געבליבען וואַך;

מיט דעם „טעלעסקאָפּ“ געפאָרשט דאָס אָרט —
אַ געפענגנים איז דאָס געווען;
געזעהן אויפהענגען אַ מענשען דאָרט,
ארום איז געווען שטיל און שעהן...

## „ד ע ר   מ א ר ס י א נ ע ר . . .“

דער מענש מיט דעם שטריק אין גרוב פערשיט ;
דער הענקער ז׳אַוועק אין דער נאַכט...
מען האָט קיין צייכען געזעהן פון בלוט : —
דער „מאַרסיאַנער“ האָט זיך פערטראַכט :

ער מוז ערפאַהרען, וואָס איז געשעהן
מיט דעם מענשען, וואָס ליגט אין גריב ;
וואָס פיר פערברעכען איז עס געוועזן,
ס׳קיינער אויף דער וועלט האָט איהם ליעב...

געזוכט דעם אורטייהל־בוך אין דער נאַכט, —
די שפּראַך איז נישט געוועזן איהם פרעמד :
— געטוידט אַ פאַמיליע — קינדער אַכט !
נישט געהאַט קיין ברויט — אויף קיין העמד...

„דער מארסיאנער..."

געלעהבט אין הונגער, אין קעלט, אין נויט:
ארבייט האָט ער קיין מאָהל געהאַט;
איז ער געוואָרען פערווילדט צום טוידט...
נישט קענענדיג שטילען זיך זאַט!

האָט דער „מארסיאַנער" בעטראַכט די וועלט
און געזעהן, ווי גרויס ס'איז די נויט.
ער האָט נישט פערשטאַנען פאַרוואָס ס'פעהלט
פיר זוי פיעל מיליאָנען דאָס ברויט?

ער האָט געזוכט, געפּאָרשט דעם „פלאַנעט"
און — אזוי פיעל שפייזען געזעהען...
פערשלאָס'ן מיט שלעסער, ביי נאַכט, שוין שפּעהט,
מען טאָר צו זיי נישט צוגעהן...

„דער מאַרסיאַנער...“

ארום פיעל וועכטער בעוואַכען זיי
מיט טוידטען געווער אין דער האַנד;
מען טאָר נישט נעהמען צום עסען פריי...
אַזוי איז אין יעטוועדען לאַנד.

— אויף „מאַרסען“־וועלט איז אַנדערש מיט ברויט! —
האָט דער „מאַרסיאַנער“ זיך פערטראַכט...
— ביי אונז איז נישט פערהאַנען קיין נויט,
קיין מאָרדען־אורטהייל שפּעהט ביי נאַכט!...

זיין „טעלעסקאָפּ“ האָט ער אַנגעשטעלט
אויף די וואָס רעגיערען די וועלט;
האָט ער ערפאהרען, אז פיעלע פּעהלט
דאָס שטיקעל פּאַפּירענע געלד!

„דער מארסיאנער..."

האָט ער געזוכט און די בענק דערזעהן
מיט זוי פיעל פּאַפּיער און מיט געלד:
אַלע זענען פערשלאָסען געווען —
מיט אייזערנע גראַטען פערשטעלט! —

זיי בעלאַנגען צו ווענינע נאַר,
וואָס האַלטען די וועלט אין אַ צוים...
פיר זיך אַלעס; פיר צווייטע — נישט גאַר!
זיי בעהערשען די ערד און רוים...

האָט ער בעטראַכט די הייזער ביי נאַכט:
די שעהנע און מיאוסע צוגלייך;
לוקסוס רייכע אין פּאַלאַנען פּראַכט;
ד'אָרימע אין שטייגען, — זוי בלייך!...

„ד ע ר מ א ר ס י א נ ע ר . . .“

אין ענגשאַפט, מיט קינדער, מיעד, פערשמאַכט, —
דאָס איז די בעלוינונג פיר זיי!
עס לעהבט נאָר דער, וואָס האָט געלד און מאַכט,
וואָס הערט נישט דעם אַרמוטה־געשריי...

געוואַנדערט זיין בליק פון לאַנד צו לאַנד:
איבעראַל דאָס זעלבע אַזוי...
רייכע זיך שלאָפען אין זייד געוואַנד;
די וואָס שאַפען — שלאָפען אויף שטרויה...

זיין „טעלעסקאָפּ“ האָט ער אָבגעווענדט,
אין שרעק, אויף אַ קליינעם מאָמענט:
ער האָט דערזעהן, ווי אַ טענעמענט
שטייט, מיט אָרימע מענשען, ברענט!...

„דער מארסיאנער..."

זיין „טעלעסקאָפּ" האָט ער אָבגעציעלט
אויף פרעהליכע טענץ און מוזיק...
ווי הימעל טענער האָבען געשפּיעלט,
ווי רייכע געניסען דאָס גליק...

קימער'ן זיך גאָר נישט וועגען שיקזאל
פון אָרימען מענש און זיין קינד;
וואָס שאַפט און בויט פיר זיי איבעראל,
בעגעהען אליין זוי פיעל זינד...

בריקען, טונעלען האָט ער ענטדעקט;
פיעל שיפען און כוואליען פון ים;
אייזענבאַהן נעצען די ערד בעדעקט:
אַ הויך־מענשען־קולטורען שטאַם!...

„ד ע ר  מ א ר ס י א נ ע ר . . .“

אוניווערזיטעטען, פּלאַנצען פיעל;
פאַנטאַסטישע טעמפּלען צו גאָט!
קאַנאַלען קינסטליכע פליעסען, שטיל,
פון וויטע שטרעקען צו אַ שטאָדט...

מאַשינען ערפינדונג, טעלעגראַף,
עלעקטריע בעלויכטונג ביי נאַכט; —
ווער ס׳האָט דאָס געלד, דער לעהבט זיך וו׳א גראַף;
ווער ס׳האָט נישט, ליידט הונגער — פערשמאַכט!

האָט ער געזוכט די אורזאַך דערפון,
צו וואָס דאַרף דאָס אַלעס זוי זיין?
געפאָרשט אַ גאַנצע נאַכט ביז די זון
האָט בעלויכטען די ערד מיט שיין...

„ד ע ר מ א ר ס י א נ ע ר...“

פריה בעגינען: די אַרבייטער, מיעד,
איילען אין פאַבריקען אַריין;
די ערד זי ציטערט פון פייפען־ליעד,
וואָס מאַכט יעדען איינעם אויפשטעהן...

זוי פיעל מיליאָנען שאַפען זוי פיעל!
דאָס אַלעס בעלאַנגט נישט צו זיי...
ליידען און הונגער, פערשוויינען שטיל...
זיי לעהבען ווי שקלאַפען — נישט פריי!...

די גאַסען פענסטער בעציערט זוי שעהן!
אַך! עס בליהט אַ צויבער קולטור...
אויף „מאַרסען“ קען מען קיין שעהנער׳ס זעהן...
עס טאַנצט דאָ דער גאָט פון „אַמור“...

„דער מארסיאנער...“

די פרויהען זוי שעהן בעקלייד אין גלאַנץ:
אין זייערע טריט זינגט זיך מוזיק...
אויף יעדענ'ס קאָפּ רוהט אַ זיידען קראַנץ;
זייערע אויגען שיינען מיט גליק...

און אונטער דעם שלייער פון גלאַנץ און זייד,
און אויסערליכען צויבער שיין, —
טראָגען מיליאָנען מענשען זייער לייד:
טיעף אין דער נשמה מיט פּיין...

לעדיגגעהער זיך שפּאַציערען פרייה;
און אַנדערע שאפען פיר זיי;
אַזוי איז דער גאַנצער טאָג פערביי —
ביז נאַכט איז געוואָרען אויפס'ניי...

„דער מארסיאנער..."

די ערד האָט זיך געדרעהט און געדרעהט:
מיט מענשען פון ליידען און פרייד;
די זון זיך זעצט, — איהר שיינען פערגעהט;
עס שפרייט זיך דער עלענד זוי ווייט...

מיעדע ,אין ענגשאַפט, איילען אַהיים;
די רייכע — אין אויטאָמאָבילס!
פאָהרען בעציערט מיט רויזען, גערוים,
אויף ווייכע בעצויהגענע שטיהלס...

ס'צינדען זיך ווייט די קינסטליכע ליכט:
פערשיעדען קאָליערענדער גלאַנץ; —
דער מיעדער אין בעט זיין רוהע זיכט;
דעם רייכען איהם ציהט עס צום טאַנץ: —

„ד ע ר  מ אַ ר ס י אַ נ ע ר . . .“

אין גערטנער שעהנע און בלומען פּראַכט;
אין קאָנצערט פון אַ קונסט געזאַנג;
וואו דער מענש זיך פיהלט בערוישט — און לאַכט
פון אַרמוטה און ליידען אַבקלאַנג...

האָט דער „מאַרסיאַנער“ געפרעגט צו גאָט:
—„צי וועט דאָס דויערען אַזוי לאַנג?...
וואו איז דיין הייליג ליעבעס געבאָט,
דיין גוטער ווילען און פערלאַנג?!“

האָט גאָט דעם „מאַרסיאַנער“ איינגעשלעפט;
און אָט וואָס ער האָט דאַן געזעהן:
ווי דער וועלטס בעפרייאונג איילט און לויפט,
שוין נישט לאַנג, עס וועט באַלד געשעהן!...

## „דער מאַרסיאַנער...“

די וועלט וועט דאַן אַ „גן־עדן“ זיין;
דער מענש ווי אַ „מלאַך“ אין רוים...
עס וועט פערשווינדען ליידען און פיין:
דאָס לעהבען זיין הערליך — אַ טרוים...

ערוואַכט האָט דער „מאַרסיאַנער“ פון שלאָף,
געווענדט צו דער ערד נאָך איין בליק;
אַלץ די זעלבע פערשאָלטענע שטראָף:
נאָר וועהניגע האָבען דאָס גליק!...

איז ער אַזוי ערשטוינען געוועזן; —
געלאָזען דעם „טעלעסקאָפּ“ שטעהן!...
פערשריעבען אַלעס, וואָס ר'האָט געזעהן:
ווי די וועלט איז מיאוס און ווי שעהן!...

## „טוידטער שפּיעגעל גלאַנץ"

טוידטער שפּיעגעל גלאַנץ, אין דיין שיין פון ליכט,
ציינסטו יעדען דאָרט זיין וואָהר געזיכט...

איינעם מאַהלסטו בלאַס: מאַכסט איהם אַן געוויין;
זיין הערצען גליווערט קאַלט אויף, ווי שטיין.

צווייטע מאהלסטו שעהן — אויגען פול מיט פרייד!
זאַרגלאַז שמייכעלסט זיי, צאַרט ווי מיט זייד...

דאַרף נאָר יעמאַנד געהן זיין געליעבטע זעהן,
ציהט דיין טוידטער גלאַנץ צו לאַנג צו שטעהן.

איינעם מאַכסטו באַנג נאָך זיין יונג געזיכט;
נאָך די צייט פון לאַנג גאָרן אויגען־ליכט...

שטומער שפּיעגעל גלאַנץ, פיהלסט נישט יעדענ׳ס פּיין!
ווען מען שטעהט ביי דיר לאַנג, לאַנג אליין...

(ענדע)

# בײלאגע

## די אבשטאמונג פון דער פרוי

אן אינדישע לעגענדע.

איבערזעצט אויס דער עספּעראַנטישער שפּראַך
פון אַדאָלף טאַפּלעוויץ.

ווען דער אלמעכטיגער „מאַהאַדעוואַ" האָט בעשאַפען דאָס וואונדערשעהנע אינדיען, איז ער דאַן אַוועקגעפלויגען פון דער ערד, אום זי צו בעוואונדערען. פון זיין פליהען האָט זיך ערהויבען אַ וואַרעמעס, זאַנפטעס ווינדטעל. די שטאָלצע פאַלמען האָבען זיך, מיט זייערע אויבערשטע בלעטער, גע־נייגט פאַר „מאַהאַדעוואַ"; עס האָבען אויפגעבליהט, פונ'ם בליק פון אַלמעכטיגען מאַהאַדעוואָס, די ריינע, ווייסע, עדעל־אַראָמאַטישע ליליען. „מאַהאַדעוואַ" האָט אייענ פון די לי־ליען צוריסען און זי אריינגעוואָרפען אין דעם האַלב־בלויהען ים „לאַזורים";

דאָס ווינדטל האָט צוואויעגט דאָס קריסטאַל־שפּיעג־לענדעס וואַסער און האָט פערהילט די וואונדערשעהנע ליליע מיט אַ ווייסען שוים...

איין מינוט איז פערביי — און אוים דיעזען, אין שוים געהילטען, בוקעט האָט אויפגעבליהט די פרוי... — אַן עדע־לע, שעהן־אַראָמאַטישע, זוי ווי די ליליע, אַ לייכטע זוי ווי דאָס ווינדטל: אַ טוישענדע זוי ווי דאָס ים; און אַ שנעל פערבייגעהענדע, זוי ווי די שעהנהייט און גלאַנץ פונ'עם צאַרטען שוים פון ים...

די פרוי האָט, פאַר אַלעמערשטען, זיך ערבליקט אינ'עם שעהן־קריסטאַל וואַסער און האָט אויסגעשריען:

— אָה! ווי פראַכטפול שעהן איך בין!

נאָכהער האָט זי זיך ארומגעקוקט אין אַלע זייטען און געזאָגט:

— אַך, ווי שעהן איז די וועלט!

די פרוי איז ארויסגעגאַנגען פון וואַסער אויפ'ן ברעג געגצליך אַ טרוקענע — (פון דאַמאָלס אָן געהן דאָס אַלע פרויען אַרויס פון וואַסער טרוקענע).

אויפ'ן בליק פון דער פרוי האָבען אויפגעבליהט בלומען אויף דער ערד; און אוים דעם הימעל האָבען געציעלט אויף איהר מיליאַרדען נייגיעריגע אויגען.

דיעזע אויגען האָבען אָנגעהויבען ברענען מיט שמייכלענדעס פינקלען... פון יענער צייט אָן לויכטען דאָס די שטערען. דער שטערן „וועגוס" האָט ערגלענצט אויסאייפערזוכט — און צוליעב דעם לויכט ער דאָס העלער אַלס פיעלע אַנדערע שטערען...

די פרוי האָט שפּאַציערט איבער שעהנע וועלדער און פלאַנצען, און אַלעס איז געוועזן ארום איהר שווייגענד, זייענדיג בעצויבערט פון איהר.

דיעזע שטילקייט האָט זיך פערלאַנגווייליגט דער פרוי.. און זי האָט אויסגעשריען:

— אָה, אַלמעכטיגער „מאַהאַדעוואַ"! דו האָסט מיך בעשאַפען זוי שעהן! אַלעס איז זוי בעצויבערט פון מיר, אָבער איך הער נישט און וויים נישט דיעזע צויבערשאַפטען, אַלעס איז זוי צויבערליך שטילשווייגענד!...

אויסהערענדיג דער פרוי'ם בעקלאָגען זיך, האָט „מאַהאַדעוואַ" בעשאַפען די אָהנצעהליגע פייגעל.

די אָהנצעהליגע פייגעל האָבען געזונגען צויבער ליעדער צו דער שעהנהייט פון דער פרוי. די פרוי האָט זיך צוגעהערט און געשמייכעלט. אָבער אין פערלויף פון איין טאָג האָט עס איהר דערעסען. די פרוי האָט זיך פערלאַנגווייליגט.

— אָה, אַלמעכטיגער „מאַהאַדעוואַ"! — האָט זי אויסגעשריען — מען בעזינגט מיך מיט צויבער ליעדער, אין זיי הערט זיך, דאָס איך בין שעהן. אָבער, וואָס פיר אַ שעהנהייט איז דאָס, ווען קיינער וויל מיך ניט אומאַרמען און ליעבליך זיך צודריקען צו מיר!

דאַן האָט דער אַלמעכטיגער „מאַהאַדעוואַ“ בעשאַפען דעם שעהנעם שלענגעלדיגען שלאַנג.

און דער שלאַנג האָט זיך ארום דער פרוי געשלענגעלט און אַרומגעגאַרטעלט און האָט זיך געצויגען ביי איהרע פּיס.

דעם צווייטען טאָג איז די פרוי געווען צופריעדען.

נאַכהער איז איהר דאָס אויך לאַנגווייליג געוואָרען און האָט אויסגעשריען:

— אָה! אַלמעכטיגער „מאַהאַדעוואַ“! ווען איך וואָלט ווירקליך געווען שעהן, וואָלטען אַנדערע זיך בעמיהט מיך צו רייצען.

דער נאַכטיגאַל זינגט שעהן, און דער „קאַרדעל“-פויגעל ויעדער־האַלט עס, וואַהרשיינליך, בין איך שוין נישט זוי שעהן!

דער אַלמעכטיגער „מאַהאַדעוואַ“, אום צופריעדען צו־שטעלען דער פרוי, האָט בעשאַפען די אַפּע; די אַפּע האָט וויעדערהאַלט יעדע בעוועגונג פון דער פרוי און די פרוי איז זעקס שטונדען גאַר געווען צופריעדען. אָבער נאַכהער האָט זי, מיט טרערען אין די אויגען, אויסגעשריען:

— איך בין זוי שעהן, זוי רייצענד! וועגען מיר זינגט מען, מען אומאַרמט מיך, מען קריכט ביי מיינע פיס, און מען מאַכט מיר אַלעס נאַך; מען בעוואונדערט מיך, און מען איז מיך מקנא אויף אַזויפיעל, דאָס איך, זאָגאַר, הויב אָן זיך צו שרעקען! ווער דען וועט מיך בעשיצען, ווען יע־מאַנד, אויס אייפערזוכט, וועט מיר ווילען שלעכטס טוהן?

„מאַהאַדעוואַ“ האָט בעשאַפען דעם שטאַרקען, מעכטי־גען לייב. דער לייב האָט געהיטען די פרוי.

די פרוי איז געווען דריי שטונדען צופריעדען. אָבער נאַכהער האָט זי ווידער אויסגעשריען:

— איך בין זוי וואונדערבאַר שעהן, מען צערטעלט מיך — איך קיינעם נישט! מען ליעבט מיך — איך קיינעם נישט! איך קען דאָך נישט ליעבען דיעזען גרויזאַמען, שרעק־ליכען לייב, פיר וועלכען איך פיהל שעצונג און שרעק!

און אין דער זעלבער מינוט איז פאַר דער פרוי, לויט דעם ווילען פון דע סאַלמעכטיגען „מאַהאַדעווא“, ערשיענען אַ קליינעס, שעהנעס הינדטעלע.

— וואַס פיר אַ שעהן־ליעבענווירדיג חיה׳לע! — האַט אויסגעשריען די פרוי און האַט אַנגעהויבען צו גלעטען דאַס הינדטעלע, — אַה, ווי איך ליעב עס!

יעצט האַט שוין די פרוי אַלעס געהאַט, און זי האַט שוין מעהר נישט געקענט וועגען וואַס בעהטען. און דאַס, גערעדע, האַט זי צאַרניג דערבייזערט. אום אויסצולאַזען איהר בייזען צאָרן, האַט זי אַ קלאַפּ געטוהן דעם הינדטעלע, און דאַס הינדטעלע האַט זיך צובילט און איז ענטלאַפען;

זי האַט אַ קלאַפּ געטוהן דעם לייב — דער לייב האַט זיך צוברימט און איז אַוועקגעגאַנגען;

זי האַט ארויפגעטרעטען מיט׳ן פוס אויפ׳ן שלאַנג — די שלאַנג האַט זי דצושלענגעלט און איז אַוועקגעקראַכען;

די „אַפע“ איז ענטרונען געוואָרען און די פייגעל זענען פאַרטגעפלויגען, ווען די פרוי האַט אויף זיי אַ געשרייה געטוהן...

— אַך! איך אונגליקליכע, איינזאַמע! — האַט אויסגעשריען, אין פערצווייפלונג, די פרוי, ברעכענדיג זי די הענד, — מען צערטעלט מיך, מען לויבט מיך, ווען איך בין אין אַ גוטע שטימונג, און אַלע ענטלויפען פון מיר, ווען איך ווער אַ בייזע!

— איך איינזאַמע! אַה! אַלמעכטיגער „מאַהאַדעווא“! נאָך דאָס לעצטע מאָהל בעהט איך דיך:

— בעשאַף מיר זוי איין מין בעשעפענים, אויף וועמען איך זאָל קענען בייז ווערען, אויף וועמען איך זאָל קענען אויסלאַזען מיין צאָרן, וועלכער זאָל נישט האָבען דעם מוטה צו ענטלויפען פון מיר, ווען איך בין אַ בייזע, וועלכער וואָלט געוועזען געדולדיג אויסצוהאַלטען אַלע קלעפּ!...

„מאַהאַדעווא“ האַט זיך פערטראַכט און — האַט פיר איהר בעשאַפען... דעם „מאַן“!

# אינהאלט פערצייכניס



גרייזעל פרעסס, ניו יארק

